דעם אָנדענק פון מיינע
עלטערן: ישראל און מאַשע

# דאָ

דא האָב איך ברויט גענעסן
און וואסער געטרונקען
פון מיין מי.

דאָ האָב איך געוואוינט
מיט אַן אָפענער טיר
נאָענט צו דיר...

דא בין איך געשטאַנען
מיט'ן פּנים צום מזרח,
ווי די זון קעגן מערב...

דא האסטו מיך געזען
א מידן מיט שווערע הענט
גיין אליין אהיים...

דא וואוינסטו איצט
מיט א פארמאכטער טיר
ווייט פון מיר...

# איך בין דער —

איך בין דער,
וואס שטייט אין שיין פון אלע צייטן
און ציגט מיט בלוט די קנויטן פונם לעבן —
לעבן, לעבן, לעבן!
מיין ארט איז אויפן בית עולם,
וואו נייע־טעג ווערן געבוירן
דורך אלע טויטן...

איך בין דער,
וואס זייט בליענדיקע נויטן
אין די גרינע הויטן
פון דער וועלט...

# הימן

בין איך אַ וועל פון מיין דור —
טרייב איך די גרויסע שיף מיט יונגע שעפּעלאַד
צום זיכערן האַפן פון דער וועלט.

בין איך אַ וואַלקן פון מיין דור —
טריף איך מיט שפּריירעגן אויף דער ערד,
עס זאָל זומערן, זומערן די וועלט.

בין איך אַ בוים פון מיין דור —
וואַקס איך, בלי איך און דופּטיק
מיט אַלע פּירות פון דער וועלט.

בין איך אַ שטיין פון מיין דור —
בין איך די טרויערשוועל פון מיין דור
פון אייביק ביז אייביק.

## פון דיין לייב

איך בין ארויס פון דיין ארים לייב.
דו האסט מיך געוויטיקט טעג און נעכט.
מיט דיין בלוט מיר גענערט...
האב זיך אנגעזעטיקט מיט דיינע וויטיקן
און ארויסגעוואקסן פון דיין ארים לייב...
איך האב א געשריי געטון אויף דיר
מיט א פרעמד קול:
איך וויל נים... איך דארף ניט...
נאר דו האסט מיך ניט פארשטאנען...
האסט מיר זיסע מילך געגעבן טרינקען,
האסט מיך געווארעמט ביי דיין ברוסט
און פארוויגט אין דיינע ווייסע הענט.
דו האסט געפלאטערט איבער מיר אין פרייד.
האסט מיך געהיט ווי א טויב.
און שטילקייט געגעבן.
ליבשאפט און גוטסקייט.

א, ארים לייב פון מיין היים!
דו האסט מיך פארלארן
און איך האב דיר פארלארן
אינם ליכט פון מיין אנהויב לעבן...

# דער מום

דורך דיין שלעכט הארץ איז אויפגעגאנגען זיין וועלט
און ער איז וויינענדיק געבוירן געוואָרן.
טרויער וועט ער דא מערן
און דיך וועט ער שעלטן...
אויף די וועגן פון זינד וועט שטיין זיין געצעלט
אין איינזאמקייט פארזונקען.
און אז ער וועט גיין פארביי א בוים
וועט ער זיך וועלן אויף אים הענגען...
אז ער וועט גיין ביי א טייך
וועט ער זיך וועלן אין אים דערטרינקען...
און אז ער וועט קומען פאר א גרוב
וועט ער ביי איר זיך בעטן
זי זאָל אים פארשלינגען...
און קיינמאָל וועט ער ניט זינגען
פונם טאג.
וואס האט אים געבוירן...

## ווײנט אַ מענטש

ווײנט א מענטש
בײ א װײסן, נאַקעטן טיש:
— טיש, מײן טיש,
וואָס זאָל איך בײ דיר בעטן?
וואָס זאָל איך מיט דיר זיך טײלן?
ביסט װײס און נאַקעט.
ניט װאָכיק ניט יומטוב׳דיק.—
וואו איז דײן ברויט ?
וואו איז דײן חלה ?

און דער טאָג גײט אַראָפּ פון טיש.
און די נאַכט קומט אַרויף אויפן טיש...

ווײנט דער מענטש
בײ א שװאַרצן, נאַקעטן טיש:
— טיש מײן טיש.
ביסט שוין מיט רו געגרײט.
ניט מיט דער רו פון ברויט.
ניט מיט דער רו פון פרײד —
איך טו אויס מײן אײנציק קלײד
און לײג מײן גוף
אויף דײן טהרה־ברעט...

# דער בלינדער

בלינדער, בלינדער —
קאנסטו דיינע קינדער ?
— ווייסע זיינען מיינע קינדער.
שטילע און גוטע ?

בלינדער, בלינדער —
ווייסטו וואס עס טוען דיינע קינדער ?
— וועלדער האקן אוים מיינע קינדער.
צעאקערן די ערד אויף פעלדער, גערטנער,
ברויט און פרוכט וואקסט אויף זייערע פעלדער.

בלינדער, בלינדער —
ווייסטו וואס עס טראכטן דיינע קינדער ?
— א שטיק ליידיק ערד הינטערן שטאט
און א גרויסן שטיין פאר זייער מאטן —
טראכטן מיינע קינדער.

בלינדער, בלינדער —
פאר וועמען בעטסטו און קלייבסט נדבות ?
— ירושה פאר מיינע קינדער.
זיי זאלן די ערד און דעם שטיין מיר קויפן.
אויף א ליכט פאר מיין טויט
און די באגראבער אויף בראנפן און ברויט.

# מיין הויז

מיין הויז איז אויפגעגאנגען אויף דער ערד.
צענדליקער יארן ברענען איז מיין הויז.
דער פייער רייסט זיך דורך די פענסטער — —
מיט שטרוי איז איבערגעדעקט מיין הויז.
רויטע ווערים רויען זיך אינם שטרוי
און פארפירן לעבן אויף דעם דאך
פון מיין אויפגעגאנגען הויז...
ארום מיין הויז
וויקלט זיך די נאכט.
וויקלט זי ארום מיט חלומות,
מיט סודות פון דער ערד.
בלאנדזשען אום ווינטן איבערן דאך פון מיין הויז,
ווארפן אן שטויב, שטיינער און שאטנס
פון איבערגעבערענטן ליכט אן קלאנג:
און אומרו פון געדיכטער לופט
רייסט זיך אויף די ווענט פון מיין הויז —
זוכט לעבן... זוכט טויט...

## קברים פון מיינע עלטערן

פארבונדן.
געצונדן.
בין איך
צו אייך
מיט וואונדן.
ווי רויטע ראנדן
ביי א טייך:
די אויגן.
דער קאפ.
געבויגן
אראפ
טיף
אין דער זעל
פון דער ערד...
און איך פרעג ניט
די פרייד —
ווען איז
מיין פרייד?
און איך פרעג ניט
דעם טויט —
ווען איז
מיין טויט?

# פ אָ ט ע ר

מיר האָבן זיך לאַנג ניט געזען.
מיר האָבן געבענקט ווי ברידער זיך זען:
דײַנע בריוו אַזוינע ליבע, טרויעריקע געווען—
וואָס איז געשען.
מיר האָבן זיך דאָך אַזוי לאַנג ניט געזען?..

איך האָב מײַן קאָפּ געבויגן
און געזאָגט צו דיר:
ביסט געשטאָרבן, געשטאָרבן:
מאָרגן וועל איך אויפשטיין אַליין
און צו דיר ניט קומען.
קיינמאָל ניט קומען...

איך האָב געזאָגט:
איך וועל שטעלן אַ שטיין
ביים וועג פון דײַן קאָפּ.
איבער דײַן באַוואוין...

## אין מיטן העלן טאָג

איך נעם זיך ארום מיט מיינע הענט
און פיל אז איך בין אין ליבשאפט פארקלעמט —
אַ, מוטער מיינע !
ווי א ווינט־שאטן ליגסטו מיר אויף די ווייסע ליפּן
און קושט מיך.
און מורמלסט :
זון, זון.
איך צענעם ברייט מיינע הענט
און ווער פארשעמט —
איך האָב זיך אויף דער זון פארקוקט.
האסטו זיך מיר געחלומט
אין מיטן העלן טאג...

# די שטילע גאַס

ערגעץ איז געשטאָרבן אַ נאָמען
האָט געקלונגען דער קלויסטער גלאָק.
האָט עס דערהערט די שטילע גאַס
און געענטפערט דערשראָקן: אָמן...

איז שטיל געוואָרן דער גלאָק,
איז נאַכט געקומען אין דער גאַס
און געשלאָגן איר שרעק מיט רעגן
ביז דער גלאָק האָט געקלונגען: טאָג...

האָט זיך פון אַ שטוב אַ טיר געעפנט.
האָט מען אַרויסגעטראָגן אַ שוואַרץ קעסטל.
און אויף אַ וואָגן ווי אַלטוואַרג אַ רעשטל
געפירט דורך דער שטילער גאַס...

# א י ר

איר פארגעסענע פון מיין לעבן —
איך פיר מיינע יאָרן צו אייערע קברים
דורך בליענדיקע פעלדער
איבער ליכטיקע וועגן....
ווי ליכט צינד איך מיינע יאָרן ביי אייערע קברים.—
יארצייטן פארגעסענע —
פרייד און ליבע פארגעסענע —
טרויערן פארגעסענע — — —
א. ערד !
פארגיב מיר דאס פארגעסענע
פון מיין לעבן...

# מ י ר

מיר וועלן שטום זיין.
מיט ערד און שווייגן פארגיין.
ווערן שטאל און שטיין.

מיר וועלן קאלט זיין.
אויפן גרונט פון א טייך ליגן.
בריקן איבער זיך וויגן.

מיר וועלן אייביק זיין
פארבארגענע אין פינסטערניש
און וואר איז העלן שיין.

## אין גרויען טאָג

אין דעם גרויען טאָג
די פארשטארטע הימלען
אין הארטן מעטאל,
די ערד פלאך און פינסטער
אונטער אייזן און שטיין —
שטומען גרוי און פאטאל.

אין דעם גרויען טאָג
האָט די זון נישט געקלונגען
אין גאלדענעם שטראל.
האבן די נעפל־גרוי־רינגען
שווער און נידעריק
געטריפט מיט קאלטן מעטאל.

# ל י ד

שטילקייט איז אריין אין הויז
מיט ווייכע טריט פון אָוונט
און זיך געזעצט ביים פענסטער
וועבן מאַט די נאַכט.
איך האָב די אויגן פאַרמאַכט.
אין אַ ווינקל זיך געשטעלט
אויסגיין דעם טאָג.

## די וועלט וויל טרויערן

הער זיך צו.
ס'איז נאכט.
די וועלט וויל טרויערן — —
דער פייער רייסט זיך פון לאמפ
צים העלע רויכן
דורך די בלויע שויבן.
פאלט צו די שטילקייט
צו די בלויע שויבן
און פארלעשט אויף זיי
דאס העלע גרויען
פונם פייער.

הער זיך צו.
ס'איז נאכט.
די וועלט וויל טרויערן — — — —

# דער לאָמפּ

דאָס בלוט פון דער שוואַרצער נאַכט
ברענט היים אין לאָמפּ אויף מיין טיש.
שטילע געדאַנקען זידן אינם הייסן בלוט פון דער נאַכט,
צאַנקען אין די שטראַלן פון לאָמפּ
ווי רויטע אויגן.

שוואַרץ ליגט דאָס נאַכט־ליד אויפן ווייסן פּאַפּיר
קעגן בלוטיקן שיין פון לאָמפּ,
שאָטנס פון פאַרברענטע געדאַנקען
טאַנצן אויף דעם ווייסן פּאַפּיר
א שוואַרצן, טרויעריקן נגון.

מיין האַנט מאָלט אין שיין אויף ווייס פּאַפּיר
די שטויביקע ווערטער פון געשטאָרבענע דורות.
און דאָס הייסע בלוט פון דער שוואַרצער נאַכט
פון מיין לאָמפּ
צינדט זיי די בלאַסע ליפּן...

# אויף דער ערד

וואקסן ווייסע בערג מיט רו הינטער מיר
און איך גיי דעם שטורמדיקן טאג אנטקעגן:
געלדענע נעפּלען טריפן מיט ווארימן טוי
אויף מיינע איינגעשפּאנטע וועגן.

א ווייטע, ברייטע ערד!
מיין פּנים איז אנגעצונדען מיט דיין שיין
און ליכטיקט אנטקעגן דעם פארגייענדיקן טאג —
דא וועל איך אויך מארגן זיין!

מיין גוף רוישט ווי א זעגל־שיף
דורך ווינט, רעגן, רויך און שטאט —
אויף די שווארצע וועלן פון דער ערד
לאז איך זיך אוועק אז באראט...

# מיין טרויעריקער האָפן...

טאָג — מיין גאָלדענער טייך.
איצט שווים איך ביי דיין ברעג אַליין.
איצט בין איך ווי אַ נייע שיף,
וואָס פּרואווט זיך אין האָפן.
איצט שפּיר איך אויס די ווייטע וועגן
פון דיינע גייענדיקע וועלן.

טאָג — מיין גאָלדענער טייך.
איך האָב די נאַכט מיין שווערן אַנקער פאַרלאָרן
די קייט ליגט צעריסן ביי מיין זייט —
כ'האָב זיך מיט מיין האָפן צעשיידט
און איך קלייב זיך אין דער העלער ברייט
מיט מיינע יונגע יאָרן.

אָ האָפן! מיין טרויעריקער האָפן!
דרייסיק יאָר דיר געטרויט בלינד —
איצט פליען זיי ווי ווייסע מעוועס
אַרום די פענסטערלאַד פון מיין שיף.

## שרייבּסט מיר

שרייבּסט מיר:
דאָס ערשטע וואָרט — מיין ליבּער,
דאָס צווייטע וואָרט — געטרייער,
דאָס דריטע וואָרט קלינגט,
ווי דיין הארץ אין פייער.

שרייבּסט מיר,
פול־געפיל — בּלוי אויף ראָז,
און דיין כּאָן שפּרייט זיך ווייך,
ווי הייסער ווינט איבּער גראָז.

שרייבּסט מיר:
זאָרג גייט אויף, ווי זון אין מיר,
און אויפן גרינעם פּליין
גאָלדיק איך פרי אין שפּאציר.
בּעטסט מיך: קום צוגיין
אין דער זון דאָ שטיין —
די טעג זיינען שיין —
די נעכט זיינען שיין —
ווי וועל נאָך פאַרגיין...

# א גענאנג

## I.

נעם צונויף דיינע קליידער
און פארלאז דיין מאמעס הויז.
קום מיט מיר פון דער שטאט ארויס.
קום מיר וועלן ערגעץ ביי א וועג
זיך אויסבויען א הויז
און בלייבן דארט אליין
ביזן סוף פון אונזערע טעג.

## II.

קלאר איז מיר דער וועג
וואוהין איך וועל דיך פירן.
ווייל קלאר איז מיר דיין הארץ,
וואס וועט זיך לאזן פירן
צו די העלע טירן
פון מיין בענקשאפט.

## III.

איך האָב פון טויזנט דיך איינע אויסגעקליבן
צווישן פרויען — די קלענסטע, די ליבסטע:
ס'האט דיין מאַמע מיך פון הויז געטריבן.
דיינע שוועסטער האָבן מיך צוריקגערופן,
און דיינע ברידער האָבן מיט מיר ווייַן געטרונקען.
און זיך געפרייט מיט מיר,
און מיך גערופן שלמה.

איך האָב דיך איינע פון טויזנט אויסגעקליבן.
ביסט אין מיין שטוב די נאַכט פאַרבליבן,
און דערנאָך דעם טאָג,
און אזוי אַלע טעג און נעכט.—
מיין קלענסטע, מיין ליבסטע צווישן פרויען.

# בײַ אַ טײַך

איך האָב פֿאַרגעסן דעם בריק,
איך געדיינק שוין ניט דעם טײַך—
מיר האָבן געזוּמערט אין גליק —
אַריבער אַ בריק,
בײַ אַ טײַך.

איך האָב פֿאַרגעסן דעם וואַלד,
איך געדיינק שוין ניט דאָס פֿעלד,
דעם פּאַסטוך, די פּאַסטושקע,
די שעפּסן, די ציג —
אַריבער אַ בריק,
בײַ אַ טײַך.

איך האָב שוין דײַן נאָמען פֿאַרגעסן,
איך ווייס איצט ניט וואו ביסטו פֿאַראַן,
צי דו געדיינקסט מיך אין דײַן גליק —
אַריבער אַ בריק,
בײַ אַ טײַך.

# זון און זומער

זון און זומער.
זון און זומער —
ביי די פיס דאס פעלד אזוי ווייך און גרין.
און דו ביסט אזוי גרינג און רייף, פול מיט רייץ
אין ווייסן דורכזיכטיקן קלייד.
זיי מיין פרייד!
איך שפיר דעם טעם פון זון און ערד.
איך ווער צעוואקסן ווי א בוים
מיט אלע קאלירן פון זומער!

זון און זומער.
זון און זומער —
מיט ווײַן און יונג־לייב שמעקט די לופט
איבערן פרייען, ברייטן פעלד:
און דיינע טריט זיינען שטיל און פלינק איז גראז.
און דו לויפסט זיך באהאלטן ווי א האז
פון צופיל זון און זומער
און פון מיר...

# סודות פון זומער

אויף מיין בליק פון טרויער
ווינקט דיין דינער שמייכל —
קלינגט מיין טרער
ריין ווי גאָלד.

שמייכל צו מיר
מיט דיין גאנצער העלקייט
אויף מיין בליק פון טרויער —
פייגל ווייסער.
פייגל בלויער.

איך האָב א סוד פון טרויער
וועט ער היינט ערגעץ גריינען.
וועל איך אים דאָך זוכן
און אין ערגעץ ניט געפינען...

## זילבער-רעגן

אינם זילבער רעגן פון דער לבנה
שטייען מיר נעבן א בוים
און פארטרויען זיך — — —
טריפט א העלע שטילקייט פון די בלעטער.
א זילבער־טוי פארפלייצט דעם בוים.
און פליגעלאר ווייסע־בליטן
פאלן. פאלן איבער אונז.

אינם זילבער־רעגן פון דער לבנה
בליען מיר אין בלויען.
און גוף צו גוף פארטרויען —
די רייפקייט פון יארן.
דעם ריח פון געבורט.

# דיין נאַקעטקייט

ליגט דיין נאַקעטקייט
ווי אַ ווייסער שוואַן
אויפן זאַמד ביים ברעג ים.
צעשטראַלט די זון
דעם ריח פון ליבע אַרום דיר.
קושט דיר דער ווינט אין בויך
און אַנטלויפט אַדערפרייטער
אין ים אַריין.
הויבן זיך די כוואַליעס פון ים
און רייסן מיט גבורה
דעם ליידיקן ברעג נעבן דיר.

ליגט דיין נאַקעטקייט
און בלענט די ערד:
און די זון חלומט איבער דיר
און וואַרפט מיט צערטלאַכן קאַליר
רו און וואַרימקייט.
און די פאַרשמאַכטע שטיינער אַרום
בעטן זיך שטיל צו דיר...

## אין מיין גאָרטן

האסט א בליענדיק צווייגל־לעבן —
האסטו מיר פון הארץ דיין ליבע געגעבן
אויף די קארשן ליפן,
אויף די ווייסע ריפן.

א קורצער זומער מיט א לאנגען פאווע עק
איז אין מיין גאָרטן געווען:
די פויגל אויף די גרינע בוימער
האבן אין פריינטשאפט צו אים
געזונגען פריינטלאכע לידער.

נאר פון הערבסט דער וואלד־גלאָק
האָט ערגעץ אויפגעקלונגען אין דער שטיל,
זיינען געלע, דויטע בלעטער מיט דארע העלזלאך געפאלן,
און גאר אפריער שניי־רויך האט זיך געלייגט
אויף די היימלאכע וועגן פון מיין גארטן.

# נ ע ב ן  מ י ר

נעבן מיר —
ווי גוט עס איז דיר,
ווי גוט דו שפּילסט זיך מיט מיר
פון טיר צו טיר!
קום איך אריין,
גייסטו ארויס.
האָב איך פּיין,
איז עס גרויס...
האָב איך פרייד,
איז עס קליין...
שפּילסט זיך אליין,
און מיך לאזטו שטיין
אין א ווינקל ביים טיר —
ווי גוט עס איז דיר
נעבן מיר!

# אַ פּרעמדער

א פרעמדער ביך איך געקומען אין דיין מאמעס הויז
און זיך געזעצט מיט דיר ביי איר טיש:
כ'האב מיין חלק ברויט באקומען פון דיין מאמעס האנט
און מיט דיר זיך געטיילט.
ס'האט דיין מאמע מיך ניט געפרעגט — ווער איך בין.
פון וואנען איך קום אין איר הויז...
אז איך בין פון דיין מאמעס שטוב ארויס
און דיך מיטגענומען,
האט דיין מאמע געוויינט. געוויינט.
אין דעם גרויסן הויז אליין געבליבן...
און יעדע וואַד דיר
טרויעריקע. טרייםטנדיקע בריוולאך געשריבן....

## זיבגט זי —

דו ביסט ליבער
נאר א ליבער
און דיין ליבקייט
שפילט מיט אויגן
רויטע בליצן,
שטראלנדיקע רעגנבויגן.

דו ביסט ליבער
צו מיין פענסטער
צוגעפלויגן.
ווי א ווייסער פויגל
פאר א שטורם...

# צופעליק

איך פאַרוויַיל אין דיַין הויז.
דו ביסט מיר נאָענט און וויַיט.
און איך רוף דיך
ביַי דיַין ערשטן נאָמען.

שטיל איז די וועלט
פאַר דיַין פענסטער.
און שטילער נאָך אין הויז —
א לעמפּל ברענט.
א פליג זשומעט.

הערבסט וואַקסט צו
צו דיַין הויז:
און עס שמעקט מיט ברויט.
פיש און ביר.

# געלייטערטקייט

ווי א טויב האָסטו מיר דיין ליבע געבראכט
און קוקסט מיר גלייך אין פּנים...
ווי אַ טייך רוישט דיין לייב אין זייך
פון באַשיידנקייט,
פון געוועגלאַכקייט.

האָסט די אויגן פאַרמאַכט
און תּפילה געטון אין שלאָף —
רואיק זאָל זיין די נאַכט
אין דיין געאיידלטן גוף...

ס'איז אַ שטערן אין פענסטער געקומען
און געשטעלט זיך שיינען איבער דיר —
רגעס ווי ווייסע מילבן
זיינען אויף דיין פּנים אויפגעגאַנגען
און ווייס אַזוי פאַרגאַנגען...

## וויג-ליד

ווילסט שלאָפֿן. גיי שלאָפֿן. שלאָף געזונט.
פֿארוויגן קאָן איך דיר ניט,
איך ווייס ניט דאָס וויג־ליד פֿון דיין הארץ.
שלאָף. שלאָף. שלאָף.

ווילסט א ווייסע העמד. טו דיר אָן א ווייסע העמד.
די נאכט איז ריין און פֿריש,
און ריין און פֿריש דארפֿסטו אין דער נאכט אריין.
שלאָף. שלאָף. שלאָף.

ווילסט דער לאָמפּ זאָל ברענען. זאָל ברענען דער לאָמפּ.
פֿייער וואכט. פֿייער וויגט. פֿייער זינגט.
פֿייער צוטרייבט די שרעק וואָס קומט פֿון נאכט.
שלאָף. שלאָף. שלאָף.

ווילסט איך זאָל דיר צוזאָגן דעם מאָרגן:
איך זאָג דיר צו דאָס ליכט פֿון מאָרגן.
איך זאָג דיר צו,
ברויט און וויין, פֿרייד און גאָלד אויף מאָרגן.
שלאָף. שלאָף. שלאָף.

# ליבע

איבער מיר שלאָפט באַ'חלומט די נאַכט,
ביי מיין זייט דער דינער גוף פון א פרוי
וויקלט זיך אין ווייסקייט ווי א בינטל שטרוי
אויפן פעלד אין לבנה שיין.

מיט די הענט אויפן הארצן פארלייגט
ליגסטו שטיל אויף מיין געלעגער,
א ווארימער אָטעם־רויך ציט זיך פון דיין מויל;
איך האָב דיך אָפּגעדעקט,
ביסטו געבליבן גאָר הויל —
האָסט אויפגעעפנט דיינע בליענדיקע אויגן אויף מיר
און פארגעסן זיי צומאכן...

מיט די הענט אויפן הארצן פארלייגט
ליגסטו א רואיקע אויף מיין געלעגער
קוקסט מיר אין פנים.

און איך ווי דיין קליין קינד
פארשפיל זיך מיט די בריליאנטענע פייערלאך
פון דיינע וואכע אויגן.

## באגעגנט

דריקסט מיין האַנט און לייגסט זי צום הארצן;
איך פיל דיין הארץ שלאָגן פון פרייד;
און אויף דיינע ליפּן דין ווי זייד
לייגט זיך א שמייכל אין ווייסן שוים.

נאָר שעמעוודיק ביסטו,
קוקסט זיך ארום אין אלע זייטן;
אז דו זעסט קיינעם ניט פון זייטן,
בוקסטו זיך צו מיין ווייסן פּנים...

איך דויער לאנג אין דיינע ליפּן,
זיי טרויערן שטיל און היים —
עפּעס טוט זיי וויי...
עס דירט מיך אָן דיין שארפסטער צאָן,
טו איך אין הארצן א געשריי...
און איבער אונז גייט פון וואָלקן ארוים די זון...

## פארנאכט אין טאָל

דו גייסט אין דער שטילקייט פון טאָל,
די בערג אַרום שטרעקן זיך צו דיר;
א שוואַרץ שטיבל מיט אן אָפענער טיר
האָט דיך אין שטילע ווענט געפאַנגען.

גרויע וואָלקן דעקן צו דעם טאָל,
די בערג האָבן אַ קלונג געטון מיט ווינט;
און ביימער אויסגעשטרעקטע ווי וואלד־הינט
האָבן זיך צעשריען אלע מיט אמאָל...

איך זוך דיך אינם שטויב פון וועגן,
איך לויף פארשטויבט דיר אנטקעגן,
און עס שלאָגט מיך דער רעגן.
א דונער צעקנוילט זיך איבער וועגן,
א בליץ צעשניידט די שטעגן,
און מיך שלאָגט, שלאָגט דער רעגן.

## אז דו ביסט אוועק...

שטייט דער טרויער
ביי מיין טויער.
קלאפט דער טרויער
אין מיין טויער.
— קום אריין
דו וויסטער פויער.
שפאן אויס די מידע פערד
אויף מיין הוילער ערד...
— קום אריין
פריינט מיין גרויער
אין שטילן טויער
פון מיין פיין...
ביי מיין הארץ
ברענט דאס פייער,
געלער. רויטער שיין —
אזוי זאל עס זיין.
פריינט מיין גרויער.
אין שטילן טויער
פון מיין פיין.

# ש ט י ל

שטיל —
נאָך ניט שטיל...
דײַנע טריט אויף מײַן שוועל
זײַנען ניט פאַרקילט...
מיט דעם שטויב פון דײַן קלייד
שפּילט דורכן פענסטער די זון
אויפן דיל...
און ס׳ברעכט זיך דער טרויער
ווי אײַז איבער מײַן האַרץ;
און איך ווייס,
פיל, פיל — —
און בין שטיל —
נאָך ניט שטיל...

# ד י י נ ע   ט ע ג

דיינע טעג

האָבן געטראָטן האַרט בײַ מײַן זײַט,
איצט גייען זיי מיר אַנטקעגן
מיט ווײַסע ליכט אין די הענט;
און העלער אויף מײַנע באַגראָזטע וועגן
גייסטו פֿון מיר אַוועק...
די פֿאַרבליבענע קווייטן פֿון דײַן ליבע
בענקען צום טויט...
איצט דופּטיקן אויף די גרינע ריטלאַך
די געלע בלעטער פֿון לייד...

# אין חלום פון ליבע

פאלסט צו מיינע ליפן
און גיסט א טרונק דעם ווייכן שוים פון מיין אויפגעכוואליעט לעבן,
וואס שלאגט זיך אן דיין הארץ אן.
זעסט איך בין היינט רואיק,
ווי דער טאג מיט מיין געמיט ערגעץ הינטער די ווייסע שטערן—
איך וועל זיך אין רו ניט ווערן,
ווען די שפינענדיקע ליבע פון דיינע אויגן וועט גאגן מיין רו.
איך בין היינט גוט און מיד,
ווי דער שווייגנדיקער קלאנג פון דעם הויכן, ברייטן טאג,
וואס אטעמט איין אין זיך די וועלט
אויף די גרינע פליגל פון דער פלאטערדיקער נאכט.

נאר ווען דער מידער טוי פון דער נאכט
וועט זיך פון אונזער לייב אויפהויבן,
און די ווייסע טויבן פון אונזער זינר
וועלן ארויסלויפן פון הארץ צו דער נייער זון —
זאלן זיי זיין מיינע.
דעם גאנצן טאג מיינע!...

# קינדער

קינדער, קינדער,
קינדער העלע, קינדער בלויע,
קינדער ווי זייד, קינדער ווי פּוך,
חלומען אין דיינע ברוינע אויגן,
מאַך ניט צו דיינע אויגן,
פאַרלעש ניט
דיינע העלע, בלויע קינדער.
אַ מאַמע ביסטו,
אַ מאַמע מיט זאָרג און פרייד —
קינדערלאך האָסטו,
קינדערלאך ווי פּוך, ווי זייד,
פעדערלאך, פעדימלאך,
געוויקלט אין ליכט פון חלומות
גענערט אין שיין און בלוט
פון דיינע יונגע יאָרן
אויפן גרונט פון דיין האַרץ.
קוקן שוין אַרויס די העלע, בלויע קינדערלאך,
פון דיינע ברוינע אויגן —
ווי פון שטילע געסטן
און רופן מיך —
קוקן און לאַכן —
קוקן און וויינען —
קוקן גרייט אין דער וועלט —

# פון ליבשאפט

די ליבשאַפט פון מאַן גייט אויף אין דיין לייב
און די פרייד קוקט דיר פון די אויגן.
קליינע קעצעלאַך לאַסטשען זיך צו דיינע פיס
און גאַרן א גלעט פון דיין וואַרימער האַנט.
גלעסטו דיין אייגן לייב
און די ווייסע קעצעלאַך גיסטו מילך אין א שאָל.
עס פינקלט אויף דיין געפיל פון מוטער
אין די גרינע אויגן פון די קליינע קעצעלאַך —
און זיי פילן דיין צאַרטקייט,
דיין ליבשאַפט.
וואס וואַקסט ברייט און רונד פון דיין לייב...

## מ ע נ ש

איך קאָן דיך ניט;
איך טראַכט פון דיר —
איך הער דייַנ נאָמען
אויפגיין איבער מיר.

איך קאָן דיך ניט;
איך צינד דיין שיין —
פון לייב, פון בלוט,
פון דאָרשט, פון פיין.

איך קאָן דיך ניט;
איך הער נאָר דיין שטוים,
דיין וואַקסן שנעל
פון מוטער־לייב ארוים.

## מוטערשאַפט

פֿאַרענדערט וועסטו ווערן —
דו ווערסט פֿאַרענדערט...
דיין גליק וועט אויפֿלאַמען אין דיין פּנים.
דיין גליק פֿלאַמט אויף אין דיין פּנים

און פֿלעקט דיך מיטן שיין פֿון בלוט.
מיטן ריח פֿון מיין יוגנט וועסטו שמעקן.
שמעקסט מיטן ריח פֿון מיין יוגנט.
ס'וועט זאַט ווערן דיין ליבּ מיט וואַכער פֿרייד.
ס'ווערט זאַט דיין ליבּ מיט פֿאַרכטיקער פֿרייד,
מיט דער פֿרייד פֿון מיין ליבע.
דיין גוף וועט וואַקסן מיט ווייטיק.

דיין גוף וואַקסט אין ווייטיק.
רונד ווי די ערד,
רונד ווי די זון,
און דרייט זיך אַרום מיר פֿאַרזיכטיק אַרום,
און לעבּט אויף, קומט אויף, העלט אויף —
רונד ווי די ערד...
רונד ווי די זון.

# ווייטיק

ווייטיק גאַרטלט זיך אַרום דיין בויך.
ביסט שטייפער פון ווייטיק.
ווערסט ברייטער אין די לענדן אין דער הויך,
און פולער, העכער אין ברוסט,—
עס שיינט אויף דיין פּנים פון ווייטיק די לוסט
און פון מוטער־זאָרג די פרייד,
און שטילע, מידע זיינען דיינע רייד.

ווייטיק גאַרטלט זיך אַרום דיין בויך —
ביסט מערער ווי ווייטיק...
דיין פּנים נאָר אין געלע פלעקן און בלייך,
דיינע אויגן שוואַרץ און רויט
עפענען זיך און פאַרמאַכן זיך אין רויך
מיט לעבן און טויט...
מיט סוד און טויט...
מיט חלום און טויט...

ווייטיק גאַרטלט זיך אַרום דיין בויך...

## ס׳האָט א קינד דיך אויפגעוועקט

ס׳האָט א קינד דיך אויפגעוועקט,
האָסטו זיך צום קינד אויסגעשטרעקט
און ווי אין אַ חלום געפרעגט:
מיין קינד?
איז דורך א באהאלטענער קול פון ווינט
און געענטפערט:—
מיין קינד,
מיין קינד...
צווישן ווייסע ווענט ביסטו ביי א פענסטער אליין געלעגן
און געקוקט צום געלן וואָלקן,
וואָס האָט געגאָסן מיט בלויען רעגן
אויף אלע וועגן,
וואו דער ווינט איז געגאנגען
מיט דיין קינד געפאנגען...

זיבן טעג האָסטו געטרויערט,
זיבן טעג געשוויגן,
זיבן נעכט געלויערט
ביי ליידיקע וויגן...

## ס׳האָט די פרייד דיך באַוויינט

דו האָסט ניט באוויינט,
וואס די ערד האָט פארוויסט,
וואָס דיין ליב האָט געזייט...
נאָר די פרייד,
וואָס האָט דיך באַוואויינט
האָט נעוויינט...

אין א ווייסער העמד
ביסטו געלעגן איינזאם, פארשעמט
און צערטלאך אָפגעשוואכט,
פון דער ערד געטראכט...
נאָר די פרייד,
וואָס האָט דיך אין שטוב באַוואויינט
האָט געוויינט...

## אונזער חלום

ביסט מיר געווען פרעמד
און געוואָרן היימיש נאָענט.
איך האָב אין דיין לייב און לעבן
איינגעזען חלום פאַרזייט.
בענקשאַפט און פרייד...
און אַז דו האָסט מיט מיין חלום געבליט
האָב איך יומטוב׳דיק געזונגען,
געגויגט זיך צו דיין פרוכפּערדיקער ערד
און דיין שטאַם געבענטשט,
וואָס האָט דיך מיט ווייטיק באַשערט...

און איך האָב דערנאָך געהערט
דעם פאַרגייענדיקן קול פון אונזער פרייד,
ווי דער טויט האָט עס געהילט אין זיין שוואַרצן קלייד
און פאַרוויגט אין זיין וויג פון דער ערד...

דעם דינעם שלייער פון טרויער
האָט דער טויט אויף דיין פּנים אָנגעטון
און איז דורכן פענסטער אוועק.
האָסטו ניט געהערט קיין קלאָג אין דיין שטוב,
די גאַס איז ליכטיק און אָפן געווען צו זומער,
און צו דיינע פענסטער זיינען אין ווייסן זייד געוואַקסן
די ערשטע גרינע צווייגלאַך פון דעם אַלטן בוים.

# איך ענטפּער ניט

איך ענטפּער ניט —
מיר האָבן אין שטומקייט טרויער פאַרזייט,
מיר האָבן איבער אונזער וועג שיין טויט פאַרשפּרייט,
און מיר דאַרפן נאָך גיין אַזוי ווייט,
און מיר דאַרפן זיך נאָך פירן זייט ביי זייט...
איך ענטפּער ניט —
עס האָט אונז נאָך קיינער ניט באַפרייט...

רייד, רייד איבער מיר —
איך בין שוין פול מיט פּיין פון דיינע רייד;
עס וועט ווערן ווייַן אין מיר פון דיינע רייד:
ווי אין אַ גאָרטן האָט אויפגעבליט אין מיר דיין לייד—
וועכט שמאַכטיק טרינקען פון מיינע ליפּן דיין וויין,
וואָס וועט איבער גיין איבער מיין האַלז...

## נאַכט וואוהין רופסטו מיך

נאכט וואוהין רופסטו מיך?
געדיכט, פינסטער און פאהילט אלע וועגן.
וואו מענטשן זיינען געגאנגען...
קאן איך זיי ניט נאכגיין.
קאן איך זיי ניט געפינען —
ווי א מויער וויל איך דא שטיין
ביזן ליכטיקן באגינען...

ווינט, טרייב מיך אראפ
פון די מידע גאסן :
איך האב ערגעץ א שטילע היים
און אן איינזאם ווייב,
וואס זיצט ביי א פענסטער
אוןווארט אויף מיר...

# מיין שטילע פרוי

שטילע פרוי מיינע —
אין דיין שטילקייט טריפט דיין גוטסקייט
פון דיינע רייפע יארן,
און עס שמעקט מיט ווייץ, קארן
און היי.

אויפן פעלד פון אונזערע טעג
אקערן מיר און זייען אונזער פרידן —
וואקסן גרינע בוימלאך
אונטער אונזער הויכן פענסטער,
און זיי זינגען אין באגינען
דאס געזאנג
פון גוטסקייט,
ליבשאפט
און פרידן.

שטילע פרוי מיינע —
פריינט, מיין פריינט
פון מיינע טעג
אויף דיין גוטן וועג.

# א י נ ט י ם

כ׳האָב געדאַרשט נאָך א וויין טרויב
און האָב חתונה געהאַט מיט דער ליבע.
זיצט די ליבע אין מיין האַרץ און שרייט.
— וויין, וויין...
זיינען שוין פּוסט די זאלן פון מיין חתונה.
די טישן זיינען ליידיק, דער וויין אויסגעטרונקען —
אין א קליינעם,איינגען צימער וואוין איך איצט
מיט מיין ניכטערער ליבע...

# אַפּריל

.1

אויף דער הווילקייט פון דער ערד
שלאָגט איצט דער רעגן.
זילבער גרייפּלאַך פאַלן דווי
און צעגייען זיך בלוי.
שטיקער וואָלקן וועקן זיך
און שטרעקן זיך —
פלאַטערן ווי גרויע פייגל.
גריסן הויך די ערד.

.2

די שטילקייט האָט געלייַטערט די ליבשאַפט
פון הימל מיט דער ערד:
איז די זון ארויסגעקומען לויבן די וועלט:
איז ליכטיק געווארן אין די שווארצע טייכלאַך
פון געפאַלענעם רעגן:
און איבער געליטענע וועגן
גייט אום די רו א בלויע
און ווייעט מיט ווייסע פאַנען

.3

רינט מיין בלוט דורך מיין לייב,
און מיין לייב איז ווייס און ווארים,
און יונג און גלאט,
און בויגט זיך פלינק,
און הויבט זיך גרינג,
און איך לויף
פון שטיין צו שטיין.

.4

הויל איז די ערד
און שווארץ איז איר בלוט.
רוי און גרוי איר לייב:
נאר זי פילט שוין דעם אטעם פון מאן,
וואס גייט היים און פול מיט טוי
אויפן וועג צום ווייב,
צום ווארטנדיקן לייב,
צום אנגעגרייטן לייב...

.5

גרויע אפריל פייגל

זינגעז איבער מייז דאך.

און מייז פענסטער איז אפן.

און די זון שטייט געל

אנטקעגן אויף א מויער וואנט;

און אויפן לייב פונם לאנד

גרינט שוין דער שליאך.

בלויט שוין דער טייך —

און די שיפלאך וועקן זיך.

און די וועסלעם שטרעקן זיך

און עס רודערט, רודערט,

ווייט, ווייט די וועלט!..

# ליכט-פייגל

ווייסע, דינע ליכט־פייגל פליען ארום,
ווארפן פוך־בלעטעלאך פון פרילינג,
וואס זיינען רייפגעווארן אין זון.

א בלויער שלייער פארדעקט די זון
און פון שלייער פאלט א ווייסער מאן,
וואס איז זיס געווארן אין זון.

און פון שיין דער גאלדענער שטראל
ברעכט זיך דורכן הימל ווי א קוואל,
טריפט ווי א זיידענער וואסערפאל.

ווייסע, דינע ליכט־פייגל פליען ארום
מיט בלויע פליגל פון פרילינג און זון,
ווארפן אויף די בוימער ווייסן מאן.

# אין נאַכט פון פרילינג

טרייסט פון׳ פרילינג שפּילט אויף מיין פּנים
און איך בין ווייס ווי שניי —
ס׳האָט מיין ליבע אנגעהויבן בליען.
פינקלט איבער איר א שטערן פון וויי...

איך מאָן דעם טויט פונם שטערן,
וואס גייט אָן פרייד מיך באַגלייטן:
אויף די שווארצע וועגן פון פעלד
וויל איך אים געפינען א טויטן.

אויף די שווארצע וועגן פון פעלד
קום איך די גראָזן פון מיין ליבע וועקן:
טרייסט מיך נאכט פון פרילינג.
שיקט ארוים די לבנה מיר אנטקעגן.

# פ ר י ל י נ ג

א בלויער רויך גייט אויף
איבער דעם בלייכן פנים פון פעלד.
א גרינע הויט ציט זיך אָן
אויף דעם דארן, פוילן בוים.

איצט שפרייט איך זיך איבערן פעלד
מיט דער ווייסקייט פון מיין זעל,
מיט דער רויטקייט פון מיין בלוט —
דער ליכטיקער געמיט פון מיין נשמה
פירט מיך צו די זאפטן פון דער פרוי.

אויף אירע ליפן דער פלאם פון מיין בלוט,
אין אירע אויגן די שיין פון מיין זעל.
דופטיקער טוי אויף איר לייב
צווייט אין אירע האר —
טראָגט זי מיר אַנטקעגן — — — —

# טאָג אויף גאָלדענע טענער

טאג אויף גאלדענע טענער
פון אויפגעגאנגענער הארמאָניע
צעוויקלט רויטע פענער
אין א ליכטיקער סימפאניע.

טאג אין זומערדיקער קרוין
פון די מזרח׳דיקע וועלדער,
גריסט זיך ברייט צום המון
אויף די בליענדיקע פעלדער.

טאג זינגט, זינגט העל,
צעשטראלט זיין גלאריע —
גאט איבער שטאטישער זעל,
מעשה־בראשית מעמאריע.

# גרינע בלעטער

ווי דער קלאנג פון טריט.
אזוי דאס געזאנג פון געמיט —
פעלדער צעבליען די טריט פון זומער
פייגל צעשפרייטן פון וואקסן דאס ליד.

אין דעם ליד פון וואקסן.
וואקס איך פון ליד צו ליד —
ליד פון דינע, גאלדענע פלאקסן
געזאנג פון זומערדיק געמיט.

פאר דער זון גיי איך אויף ווי א זאנג.
העלע שטראלן ציען מיך ארויף —
דופט פון שיין דופט פון געזאנג
צעוויקלען מיך ווי בלעטער פון שלאף.

# דער קליינער פרילינג פויגל

דער קליינער פויגל פיקט שוין
די קערנער גאָלד פון די גאַסן:
און אַז ער קלייבט אַז אַ פולן מויל מיט גאָלד
פליט ער אַרויף אויף אַ דאַך.

דער קליינער פייגל
האָט אויגן ווי גרינע שטערן.
און פליגל ווי וואָלקן פאַר אַ רעגן.
פליט ער אום איבער אַלע ווענט.

דער קליינער פייגל זינגט
און שפּרינגט פון דאַך צו דאַך.
און האַלט זיינע אויגן וואַך.
און די פליגל גרייט.
און שטייט אויף אַ קוימען און עסט
די גאָלדענע קערנדלאַך.

# ז ו מ ע ר

ווי אַ וואַסערפֿאַל
טריפֿט די זון מיט זומער
און אין מיין זכרון
רייפֿן זיך יאָרן
פֿון גאָלדענעם מעטאַל.

פֿון יעדן זון־שטראַל
קלינגט אַרום דער זומער:
און אין מיין בלוט
שטראָמט ליכט־מוט.
ווי אַ וואַסערפֿאַל.

ליכטיקער קוואַל
טרינקט אָן די ערד:
און אויף מיין געזיכט
בליט דאָס ליכט
פֿון יעדן שטראַל.

# אָפּענע אויגן

אפענע אויגן, זעטיקע מיט פעלדער,
זעטיקע מיט ליכט און זומער,
גייען אום אין גאָלדענעם טוי פון טאג,
זיינען פול מיט געבעט,
מיט גוטסקייט
און ליבע.

א שטילע שעה אויף דער ערד
רופט זיך באָדן אין זון,
רופט צום טייכל טרינקען
קרישטאָלענע וואסער.

מיינע אויגן זיינען זאט מיט ערד
און ברייט ווי א פעלד מיט בליאיקן ווייץ,
און זינגען הויך אין גראָז
א קינדערשע תפילה
פון יונג לעבן.

## הימל

דורכזיכטיקע שטילקייט.
שטילקייט פון טויט —
אויף א גאָלדענער קייט
היינגט דער טאָג.

מיט ווינט און מיט שטויב
וויגט זיך דער טאָג,
ווי א גאָלדענע וואָג
פון מזרח ביז מערב.

שטילקייט שפּראָצט בלוי,
בלוי שפּראָצט גרין,
און דו זון ווי א שפּין
גייט שווער אראָפּ — —

בויגט זיך דער טאָג
איבער א שפּיץ באַרג
און לייגט זיין קאַרק
אונטערן שאַרף פון זון — —

— — — — — — — — —

דורכזיכטיקע שטילקייט.
שטילקייט פון טויט.
אויף א שוואַרצער קייט
היינגט די נאַכט.

## זומערדיקער אָווענט

אַרום מיר די בלויע קייט פון מיינע יאָרן,
אַרום מיר דער רויטער ראָד פון טאָג:
און אין מיין קרייז
דער זומערדיקער אָוונט גייט אויף.

גייט אויף דער זומערדיקער אָוונט
ווי אַ גרינער רינג
ביי די ברעגן פון מיינע אויגן
און פאַנגט די זון.

מיט דער זון אין די אויגן
געפין איך דעם בלאסן פּנים פון דער לבנה
און גיי אויף מיט זיי אין רינג
פון זומערדיקן אָוונט.

## אויפן פעלד

איך הויב מיין קאפ ווי דער אוונט זיין קאפ
פאר די נאכטיקע וועגן —
א הוילער, א העלער גיי איך אום
ביי די אויסגעגליטע ברעגן.

שווארצער וואלקן איז מיין טאג געווארן.
איבער מיר די פייכקייט פון נאכט —
פון שטערן צו שטערן ארויף
וואכט מיין גאלדן אויג און וואכט — —

פארן פייער פון מיין אויג וועבט זיך חלום —
די ערד אין זייד און זילבער געהילט —
און איך ווי א בוים אין דער לבנה
האב מיין נאכטיקע פרייד דערפילט — —

און מיט מיר מיין טרויער גייט אויף —
פייער וואלדיקער פון באגינען.
פייער קלינגענדיקער איבער גרינע פליינען.
פייער זוניקער פון מיין זינען.

## ווען פעלדער שלאָפן

אונטער דעם פולן, ליכטיקן פּנים פון דער לבנה
שלאָפן די פעלדער א ווייסן שלאָף.
פייער־פליגעלאך ווי חלומות צינדן זיך איבערן גראָז,
ציען אויס א רויט־בלויען צייכן פון לעבן.
ווי א רעגנבויגן אין רו פון די הימלען.
בערג, ווי שווארצע, הויכע קעפּ קריכן ארויס,
קריכן הויך פון די פעלדער
און שטיקער זילבער־וואלקנס ווי ווייסע היטלען דעקן זיי צו.
ביי די זייטן פון די איינגעדרעמלטע בוימער
טולין זיך שטיבלאך פארלאשענע,
און אטעמען גלייך מיט די פעלדער דעם ווייסן שלאָף
צו דעם פולן, ליכטיקן פּנים פון דער לבנה.

נאָר אין די בוימער, בלעטער און גראָז
זינגט א וואַכע די נאַכט
מיטן נגון פון פויגל, זשאבעס און גרילן.

## מיין גאָט

אין דער פולער איינזאמקייט פון בארג און טאל
הער איך שטיינער רעדן צו מיר.
פון דיר —
מיין גאט — — —

זון־רוויטקייט. גאלד שיין טריפט פון הימעל.
זומער־גרין. פריכאַרגן־ווייס
דורכגעוועבט מיט געזאנג פון בלעטער און גראַז.
טרעלן פון פויגל רעדן צו מיר
פון דיר —
מיין גאט — — —

איך בין דאָ שטום, איך גלויב דער שטילקייט פון דער ערד,
איך גלויב דעם בארג, די בוימער, די גראַז.
איך זינג אָן ווערטער מיט די פויגל
פון דיין איינזאַמען זון פון מיר
צו דיר —
מיין גאט — — —

## פלינקער פון טויט

אויפן פעלד, אין גראז, איז דער פלינקסטער דער האז.
אין דער הויך, צו די וואלקן, איז דער פלינקסטער דער אדלער.
אינם לעבן — ווער קאן פלינקער זיין פון מיין אויג ?
מיין נשמה — דער לעצטער שטערן פון דער סוף נאכט
יאגט זיך איבער דער וועלט, איבער אלע הוילע וועלטן.
זוכט מיך ערגעץ אין דער ווייטער צייט א טויטן...

פלינקער פייער פונם לעצטן שטערן פון דער נאכט.
כאפ זיך ארויף אויף מיין גרינעם דאך,
צינד אן די אייזערנע שאטנס, וואס האלטן ארום מיך וואך:
זאל ברענען פון מיין שטוב די ווענט פון פרייד —
אין דיין גאלדענעם פייער שיין איך אויף
פרייער, פלינקער פון טויט...

# אין די לאַסטן פון יאָרן

אין די לאסטן פון יארן
שניידט בלוטיק מיין לעבן זיך אריין.
מיין כח צעשמעלצט זיך אויף שטויב —
זויער־זאַפט ווערט מיין געמיט,
און מיין געביין פלאטערט אויף אלע ראַגן,
לויפט מיט די ליכטיקע שעה׳ן אנטקעגן
דעם פינסטערן בראך פון יעדן טאג....

אין די שטראלן פון דער זון
וויגט זיך מיין ווידער־מוט צו דער וועלט.—
א גאלדענע אזערע מיט וואכנדיקער מוטיקייט־
חלומ׳ט זיך מיר, אז איך טרינק...

# די פידל

ס'איז די פידל, וואָס רופט אַזוי צו טרויער,
צו דער שטילקייט פון חלומות,
צום טויט.

ס'איז די פידל, וואָס וויינט,
און ווייסט ניט וואָס זי וויינט
איבער דעם זין פון לעבן.

ליגט מײַן לעבן מיטן אויער צום פידל
און הערט ווי עס רוישט אין איר טאָי דער טויט
און גיסט בלוט־טראָפּנס פון פרייד
אינם ליד פון טויט...

## נאַקעטע געטער

לייוויקן
צו זיין קומען אין מאָנטרעאָל

.1

נאַכט איז אין אונזער הויז.
און פינסטערניש אין אלע ווינקלען:
קיינער קומט ניט אריין, ניט ארויס —
מירביידע אין הויז פינקלען.

מען דאַרף זיך איצט שוין ניט שעמען
אליין אזוי הייל דאָ זיצן:
ניטאָ אין דער פינסטער פאַר וועמען
פון שרעק זיך באשיצן...

נאַכט איז אין אונזער הויז
און פינסטערניש אין אלע ווינקלען:
קומט קיינער ניט אריין, ניט ארויס —
ליכטיקן מיר אליין אין די ווינקלען...

.2

## אין דעם וואסער

אין דעם וואסער
וואס טראגט אונזערע בלינדע שיפן,
האט גאט זיין אייביק לעבן געבאדן,
אנגעלאדן
מיט חלומות, מיט פרייד פון העלע הימלן.
און ווען זיינע פינסטערע אויגן
האבן די אויפגייענדיקע העלע הימלן דערזען —
איז ער אליין ארויף צו זיי.
און איז דארט ווייד אויף אייביק איינגעשלאפן...

בלאנדזשן איצט אונזערע שיפן צו אלע ברעגן,
וואו נאר גאט האט זיך געבאדן
אנגעלאדן
מיט דער שווערקייט פון זיין ברענענדיק געמיט,
אז אייביקער רו...

## וויקטאָריא שפּיטאָל

בײַ דער שטילער זײַט פֿון שטאָט
גייט אויף דער ברוינער וואַלד —
באַרג אַרויף,
באַרג אַרויף.

בײַ דער שטילער זײַט פֿון שטאָט
וואַקסט דער גרויער שפּיטאָל —
באַרג אַרויף,
באַרג אַרויף.

מיד קלינגט דער גלאָק פֿון באַרג בײַטאָג:
בײַנאַכט פֿינקלען קראַנקע פֿײַערלאַך פֿון שפּיטאָל:
און די ביימער פֿון וואַלד בויגן זיך שווער
מיט רו און זומער צום טאָל.

# אין גרויען טויער

אין גרויעז טויער
און אין שטילע צימערן פון שפּיטאָל,
גייט אַריין דער טאָג א קראנקער
און הייננט אויף זיין בלויע נשמה
אויף די בלייכע אויגן
פון די שטאַרבנדיקע.

האַלב קראַנקע, מידע און קינדער
צעטומלן די בלויע רו פון טאָג
אין די ווייסע זאלן פון שפּיטאָל.
קלינגען מיט פיבער און ווייטיק
פון בעט צו בעט,
פון פענסטער צו פענסטער —
און צו אוונט צו לייגן זיך אין בעט אריין
שטאַרבן מיטן טאָג . . .

## נאכט

אין די טויערן
פון דיינע טרויערן
לויף איך דורך
ווי א יונגער הירש —
זאָלסט מיין העלן לויפן
ניט באַדויערן...

אויפן וואַנט פון הימל.
אין שטערן שיין
צינד אָן דיין פיין —
זאָל ער מיר לייכטן.
וואו איך וועל זיין...

אויפן באַרג פון טאָג
בלייב איך שטיין —
דאָ איז מיין וואוין!
קום אויך צוגיין
פאַר דער זון צו שטיין.
לייטערן זיך
פון יעדן פיין...

# אויף די ווייסע ימ־ען

אויף די ווייסע ימ׳ען פון די ווייסע טעג,
וויגט זיך אום א שיף געפאנגענע
אויפן ווייסן וועג פון די ווייסע טעג...

און אין שיף ליגט אין קרוין דער מלך.
דרעמלט חלום. דרעמלט וואר —
ס׳איז אים עפּעס ניט זייער קלאר.
נאר פרייליך...

הויבט ער אן פּאר זיך קלערן:
וואס קאן דאס מיט מיר זיין
אינם ווייסן שיין ?

הערט ער קלינגען,
הערט ער זינגען,
הערט ווי פייערלאך זשיפּען —
פילט ער ווי טרערן רינען,
און שטימען כליפּן...

אויף די ווייסע ימ׳ען פון די ווייסע טעג
גייט אויף דער ווייסער שוים
פון רו און שלאף —
וויגט זיך אום אין שיף דער מלך,
אויפן ווייסן וועג פון די ווייסע טעג,
און עס דאכט זיך אים ניט קלאר
נאר פרייליך
זיין ווייסער סוף...

## אָ ו ו נ ט

מיינע פיס בינדן זיך צו דער ערד.
בינדן זיך מיט די שאָטנס פון רו.
איבער מיר דער קילער הימל וויגט שטערן.
טרייבט ווינטן פון די פייער־פאָלדן פון טאָג.
דרייט דעם פינסטערן ראָד פון נאַכט
אויף מיר.
צו מאָרגן צו וועט דער ראָד זיך אויסדרייען
מיט דער ליכטיקער זייט צו מיר.

ווי א בלויע בלעטל מיט געלע פלעקן
פאַלט דער טאָג איבער מיין קאָפּ.

## באַגינען

פֿירט מיך די ליכטיקייט.
גיי איך איבער דער ערד —
איז טאָג אויף דער וועלט.
העלער הימעל איבער מיר.

קום איך צו צו א טיר
גיי אריין אין א קעלער־הויז —
איז פֿינסטעטער דאָ די וועלט.
אַז טאָג און אַז הימעל.

שטעל איך זיך ביי א טיש
און וויג זיך איבער אים,
וויג זיך ווי א פֿולע זאַנג
און באַרוויג זיך אין קלאַנג
פֿון מיין גוף.

נעמט מיך ארום א דרעמל,
שלאָף איך איין זיך איין —
חלומט זיך מיר ווייסער הימל.
גרינע גאַסן און קינדער.

פירט מיך די ליכטיקייט.
פירט אין וועגן באזונדער.
אין שטילקייט גרייפט מיך
מיט העלן וואונדער.

ארויף,
ארויף,
ארויף מיטן טאָג,
גייט איצט מיין נשמה
און טראָגט דעם ריח פון לעבן
אין די בלויע שיסעלאך
פון מיינע אויגן — — —
און אויפן גרינעם פעלד
זיצט דאָס לעבן און קוקט אין דער זון
און חלומט מיך — — — —

# ג אָ ל ד

גאָלד.
איך פֿליס אַריין אין גאָלד
און פֿאַרגיי זיך אין אַ ברייטן קלאַנג —
לאַנג
דויער איך, ווי טאָג אויף זאַמד,
קלינג, ווי זון אויף שטיין
און נעם מיין וועג צוריק צו זיך...

דורך אייזן, שטאָל און קופּער
רין איך דורך דעם טונקעלן וועג צו זיך.
און קלעם זיך איין אין האַרץ,
און קלעם זיך איין אין ביין,
און רין רויט דורכן ווייסן לייב,
ווי בלוט,
ווי פּיין . . .

גאָלד
רופֿט מיך אָפּגעבן מיין קלאַנג דער וועלט.
אָפּגעבן מיין קול פֿון זין דער זון
און דאָס איבעריקע דער ערד...
און איבער מיר די צייט ווי אַ פּאַווע
דרייט רעדער און רינגען פֿון בלוי,
באַגיסט מיך ווי גראָז מיט דופּטיקן טוי.

# אייביק

פון שטערן צו שטערן,
פון ליכט צו ליכט
העלט דער סוף פון דער וועלט.
אטעם איך איין אין דער נאכט דעם סוף
און שלאף —
אייביק.

פון שטערן צו שטערן,
פון ליכט צו ליכט
וואנדערט דער טויט
און לעשט די שטערן
וואס באלייכטן אים דעם וועג —
אייביק.

פאלן שטערן, פאלן,
שטארבן שטערן, שטארבן,
ווי חלומות אין דער פינסטער —
אייביק,
אייביק.

# ז ו נ ט י ק

ס'איז שטילער טאָג איז גאַס.
בלויע לופט וועבט זיידענע טעפּיכער
און הייננט זיי אויס קעגן שטאָט.
מיינע אויגן רוען זיך אָפּ
אויף די אנגעוועבטע ווענט פון הימל
און דערקענען דעם האַרבאַטן קעמל.
וואָס ליגט ביי א גרינעם באַרג
נאָך פון שבת.

# איבערן ים

ביים בלויען מערב
האט דער טאג א רויטן שלייף געמאכט
און זיך פארבונדן מיטן אונטער ביים האלז — —

היינגט דער בלויער אוונט
איבערן רויטן האלז פון טאג
און פארגייט זיך אין א שווערן אטעם — —

טונקל ווערט דער מזרח,
דער צפון ליגט שוין א מידער צו דער ערד,
און דער דרום פאלט ווי א פייגל אן פליגל
צו די פעלזן ביים ים — — —

## מיין בלאָנדקייט

יונג איז מיין קאפ
אונטער דער בלאנדער קרוין
פון גאלד גראז.
נאר פארוואונדיגט ווי פון הערבסט
איז מיין רייפע בלאנדקייט
און פאר'משפט צום טויט.
רייסט שוין דער ווינט די בלאָנדע קרוין,
דאס גאלדגראז
פון מיין יונגן קאפ...

אין זומער פעלד וואקסן זאנגן
העל און בלאנד אזוי,
ווי דאס גאלדגראז פון מיין קאפ:
וועל איך אין פעלד אריין גיין,
רייסן בלאנדע זאנגען,
און פלעכטן
פאר מיין יונגען קאפ א קרוין...

# ד אָ ר ף

שטילע שטיבלאך אויף די פעלדער.
שטילע מענטשן אין די היימען —
שטיל לעבן
שטילע פרייד.
שטילער טויט.

דער טאָג קומט אין דאָרף ליכטיק ברייט
און שווימט און גייט.
ווי א ווייטער, בלויער טייך,
פארשווימט, פארגייט אין אוונט.

דער אָוונט קומט אין דאָרף טונקל־רויט
און טוט זיך אָן א שווארצע קלייד,
און גייט און זייט
איבער די מידע פעלדער,
צווישן די שטילע שטיבלאך --
שטיל לעבן,
שטילע פרייד,
שטילן טויט.

# אָוונט-לאַנד

לעשט זיך אויס דער טאָג אויפֿן וואַנט.
נעמסטו מיך אַן פֿאַרן האַנט
און פֿירסט מיך צו דיין אָוונט-לאַנד...

ביים ראַנד פֿון וואַנט
העלט אין גאָלד
דיין אָוונט-לאַנד...

גייען מיר איבערן זאַמד
ביים וואַנט
מיטן גאָלדענעם ראַנד
פֿון אָוונט-לאַנד...

ביים ברעג פֿון אַ טייך
ליגט דיין אָוונט-לאַנד
אויף ווייסן זאַמד
און ליכטיקט אין אַלע זייטן
ביז מיר קומען אָן
פֿון ווייטן . . .

# אין פעלד

אלע בערגלאך אויפן פעלד זיינען שוין גרין.
איך טרעף זיך מיט דיר אומגעריכט, אין פעלד.
ווי מיט אן איבערגעבראכענעם בוים אויף מיין וועג.

אלע זומערן טרעפן זיך איצט אין פעלד.
יעדע גראָז גריסט איר געפונענע וועלט.
איך גרים דעם געפאלענעם בוים אויף מיין וועג.

די ערד אין פעלד קושט גרין די טריט פון דער זון.
דער ווארים אין ווארצל זויגט דעם זאפט פון דעם בוים.
און איבערן קראנקן לייב פונם געפאלענעם בוים אויף מיין וועג
זינגט פארבלוטיקט די שטאלענע זעג —
זיג—זעג... זיג—זעג... זיג—זעג...

## מיין הערבסט

מיין הערבסט שפּילט אויף לבנה פּייפעלעו
אין נאַכטיקע שעהן אונטער בוימער.

מיין הערבסט קליינגט מיט זון גלעקלאַך
אין בייטאָגיקע שעהן אויף בערג.

מיין הערבסט זינגט קינדער געזאַנגען
טאָג און נאַכט אין מיין הויז.

מיין הערבסט איז א גאָלדענער הירש פּאַרטאַג,
א ברוינער לייב נאָכמיטאַג.
וואָס שפּרינגט ארום די ווענט
פון מיין זומער הויז...

## ה ע ר ב ס ט

בויגן זיך די שוואכע צווייגן פאר מיין הויז
פון דעם ווינטס אייזערנעם קול.
דער ווינט בלאָזט אוועק די פרייד פון שטאָט
צום נאַקעטן טאָל.
די גאָלדיקע פארב פונם טיי אין מיין שאָל
ווערט בלאַס אין בלויער קעלט אַצינד.
און די גרויע רויכלאַך פון מיין גאָלדיקן טיי
ציען נאָך דעם ווייטן קול פון ווינט — — — —

# הערבסט-ווייבער

הערבסט־ווייבער, איינזאמע, אז מענער —
אויף ווייכע, ווייסע געלעגערס אין נעכט — טרויערן,
מיט הייסע, נאקעטע בריסט פרעסן זיך
צו קאלטע, שטיינערנע ווענט.

עלנד איז די זינד פון יונגע אלמנות,
ווי קראנקע קווייטן וועלקן זיי
אין דער צערטלאכקייט פון זייער מוטערשאפט
וואס דער טויט האט געקרייציגט...

הערבסט־ווייבער אין שווארצע, לאנגע קליידער,
אין אפשייז פון טרויער און בייגקשאפט,
ווי פארלאזענע פעלדער —
בלאנדזשן און בלענדן אין דער וויסטקייט
צו יערן, פרעמדן מאן — — — —

א, שוועסטער פון צער...

# קראַנקער שוואַן

(דער קראַנקער מיידל)

קראַנקער שוואַן —
רוסט מיטן פּנים קעגן זון,
וויקלסט זיך אין ווייסן ליכט,
ווילסט נאָכפליען די ווייטע וואָלקן,
ס'הלומט זיך דיר שטאַרקע פליגל,
וואָס טראָגן דיך צו דער זון...

קראַנקער שוואַן —
טראָגסט זיך אום פון באַרג צו באַרג:
זומער זינגסטו נאָך דיין בלוי ליד,
ווינטער ביסטו שטיל גרוי און מיד
און ווי דער שווערער שניי אויפן באַרג
וואַרסטו אויפן פרילינג...

## ערד טרויער

אויף מײַנע קלינגענדיקע שפּאַנען
הייגנט די ערד אין טרויער.
טויבט דער ווינט דער רויער
און עס ווײַנען וויסטע לאַנען.

טו מיך אויס פון טרויער,
שפּילנדיקער שײַן פון טאָג,
הויך־שאַרפער, העלער ראַג,
וויגנדיקער ים, דו בלויער.

## די שיפלאַך

די שיפלאַך שווימען.
דאָס וואַסער איז שטיל.
און די נאַכט
קריכט שוין פון טייך:
נאָר די זון
גייט נאָך ביים ברעג.
ווי אַ שאָטן פון טייך...
קומען מידע שיפלאַך
און לייגן זיך מיטן דעק אַרויף
אויפן געלן זאַמד
ביים ראַנד פון טייך.

# מיט מיר

מיט מיר איז פריילאך דער טאָל.
איבערן גראז גייט גרינג מיין קול:
ווי אַ נייער פייגל
פון א ווייטן געגנט בין איך דאָ.

פון די בוימער פליען ארוים די פייגל
און קוקן מיך אָן מיט א געשריי —
ס'איז איצט אזא פריילאכע שעה
אין דעם טאָל פון קאָרן און היי!

גרינג טראָג איך אום מיין הארץ אין טאָל,
און די קראען פילן מיך...
צווישן שטיינער שלאָגט א וואסערל פון קרישטאָל—
גיך — גיך — גיך —
וואש איך זיך.
טרינק זיך אָן מיט קרישטאָל
און לאָז הויך הערן מיין קול
דעם קרומען וועג ארויף בארג!

## צייכנס

א גריז.
א בליענדיק.
אַ אײנציק בוימל
און לײדיק פעלד אַרום — —
אזוי די צייכנס פון טעג
ביים שטאַטישן וועג —
א גריז.
א בליענדיק.
אַ אײנציק בוימל
און שטיבלאַך אַרום — —

# אַ צייכן פון שאַנד

פרעג מיך די גאַס,
וואו דיין שוועסטער איז פאַרלאָרן געוואָרן
און איך וועל דיר אָנווייזן דעם רויטן ראָג
אין נ׳דעריקן טייל פון אונזער שטאָט.
וואָס ציט זיך אַוועק ביז צום האַפן
מיט אַלטע הייזער ווי קופּעס קאַלירטע מיסט,
מיט פאַרמאַכטע גרינע לאָדן:
און איך וועל ניט גיין מיט דיר
צו איר —
טאָני איז איצט איר באַלעבאָס...

פרעג דעם נאָמען
פון דיין פאַרלאָרענער שוועסטער
אין דעם שמאָלן, איינזאַמען געסל
ביי יעדן פאַרדעכטיקן דורכגייער,
און קיינער וועט דיר ניט זאָגן —
קיינער וועט ניט וויסן...

## ב י י ז

וואָס איז דאָס בייז,
וואָס צינט און ברענט
און פארפרעמט ?

איך האָב געברענט
מיטן געלן פייער פון בייז
און פארלענט
די ליבע פון מיין הויז.

א, מיין פינסטערע זינד!

איצט בין איך שטיל
און פיל
גוטסקייט פון א קינד.

גייט אויף די גוטסקייט ווי טוי,
שפּראַצט א ווייסער שמייכל פון פּנים,
און פון מיין אויג דאָס בלוי
שטראַלט גאָלדיק פון פּנים צו פּנים.

# מיין קינד מיין גאָלד

איך האָב ליב דעם העלן גאָלד פון דיינע בלאָנדע האָר.
איך האָב דיך ליב מיין גאָלד.
און דיינע ווייכע לאָקן האָב איך האָלט.

זאָל די זון פאַרגיין איבער דיין קאָפּ.
אין דיינע האָר דאָס גאָלד וועט ליכטיק זיין —
מיינע אויגן וועלן פול זיין מיט שיין,
מיטן העלן גאָלד פון דיינע האָר.

אין דער נאַכט וועט מיין האַנט דיין קאָפּ געפינען —
די שטילע פלעמלאַך פון דיינע בלאָנדע האָר שפּינען
העלע סטעשקעס פון גאָלד פאַר מיין האַנט.

איך האָב דיך ליב מיין קינד, מיין גאָלד.
און דיין ווייכע לאָקן האָב איך האָלט.

# מאָצאַרט

דאַס דינע אינגל ווי אַ שטאָלענע זייל
בויגט זיך ניט פאַר דעם צעשפּילטן שטורם,
וואָס זיינע ווייסע פינגער
גראָבן אַרויס פון זיין פידלס האַרץ.
ער צינדט פייער אין זיין בלוט:
ער שפּילט מיט זיינע לעצטע כּוחות.
אָנגעצויגן אויף דינע, פעלענע סטרונעס
און גיט ניט אָפּ די נשמה דעם טויט.
די ברוינע פידל אין זיינע שטייפע הענט
וויינט נאָר ווי אַן איינזאַם־אומעדיק קינד
און דער בויגן ברעכט זיך איבער איר,
ווי אַ בליץ איבערן דונעריקן הימל.

צער־צאַרט איז די פידל
ביי דעם אינגל איז די ווייסע ליכטלאַד־פינגער,
וואָס אונטער די נעגל ביי זיי ברענען
טאַנצנדיקע וואונדער פייערלאַך.
און גרויס איז ער ווי זיין פידל,
און ברויזנדיק ווי זיין פידל —
קוים וואָס די נשמה האַלט זיך ביי אים אין די אויגן
און אויף די שוימענדיקע סטרונעס
פון זיין אויסגעבאָליעט פידעלע,
וואָס וויגט זיך ווי אַ שיפל איבער זיין בויגעוודיק האַרץ.

# דאָס ווייסע ליד

דער שיין פון שניי
ברענט ווייס און ריין.
און אויפן גרויען שטיין
ליגט ווייס די קרוין פון שניי
און שטראַלט מיט פּערל־גלאַז.
בלוי, גאָלד און ראָז.

א ווייסער טיש איז די ערד.
א ווייסער יום טוב פון שיין און שניי
פאַלן טעג פון גאָלדיקן שפּריי
אויפן ווייסן טיש פון דער ערד.

איבערן ווייסן טיש פון דער ערד
צינדן זיך מיט בלויען ליכט די שטערן.
מיט זילבער־שיין שיינט אויף די לבנה
איבער די ווייסע וועגן פון די בערן.
און עס פאַרציט א ווייכן נגון די שטילקייט
רונד ארום דער וועלט:—

וועלט איז ווינטער.
וועלט איז קעלט און שניי.
מיילן און שטרעקן איז בלוי.
ווייטע, ווייסע רו אין פראָסטיקן טוי —
ווינטער. ווינטער. ווינטער!

דער ווינט איז היים אין געדריי.
יאָגט זיך מיט איינזאַמקייט
פון ים צו ים,
און זינגט מיט פראָסט און פלאַם
דאָס ווייסע ליד פון שטילקייט. און שניי.

# מיין קראַנקע פּאַווע

.1

מיין גוטסקייט.
מיין ליבשאַפט
שווער איך דיר צו —
מיין גוטסקייט.
מיין ליבשאַפט
גיט דיר רו...

דו ביסט קראַנק.
דו ביסט הייליק
ווי א ווייסע ליכט —
דו ביסט קראַנק
דו ביסט הייליק
אין דיין בלוי געזיכט.

א נאָענטע מיינע!
א ווייטע מיינע!
וואָס האָסטו פאַרקלערט?
טראַגסט זיך אַוועק.
גיסט זיך אַוועק —
ווען וועסטו ביסטו באַשערט?

דו — מיך,
איך — דיך —
מיר האָבן זיך געהאַט:
בלויסטו אַוועק,
גרויסטו אַוועק —
דיין גאָלד ווערט מאַט...

און פון אויג צו אויג,
פון האַרץ צו האַרץ —
ווערסט ווייט אַזוי ווייט,
און שטיל אַזוי שטיל,
און קיל אַזוי קיל,
אַז וועג און אַז צייט...

.2

פארטראַגט מיך דיין שטילקייט
אויפן באַרג פון דיין רו.
אויפן שפּיץ פון קילקייט —
דאַ וואוינסטו!

זיץ איך אַז פליג אויפן באַרג
פון דיין געוויילטער רו.
אין שטילקייט, אין קילקייט
און וויג זיך אַזוי צו.

ביסטו דאַ געווען
און ביסט שוין אַוועק —
די זון האָט דיך געזען
און פון באַרג דער וועג.

.3

ווי וועל איך פון דיין באַרג אַראָפּ
אַז אַ וועג און אַז פליגל.
ס'וויגט זיך אום אין שרעק מיין קאָפּ,
ווי אַ צעוויגטע וויגל...

שטילקייט, טראגט מיך צוריק,
אויף אירע ברייטע פליגל
דורכן בלויען אוונט־בריק,
וואס האט פון נאכט דעם זיגל...

.4

בארג־אראפ,
רו־אראפ,
קילקייט־אראפ —
קייקלט זיך,
קייקלט זיך
מיין קלינגענדיקער קאפ
און וואכט,
אז פליגל
אז ריגל
איבערן זיגל
פון נאכט...

.5

אריבערן זיגל פון נאכט
מיין רויט אויג וואכט —
ברענט ווייט דער וועג
פון דיינע טעג.
גיי איך אינם אש
פון דיינע טעג
אויפן ברענענדיקן וועג
פון נאכטיקן רעש...

.6

דיין צעשאטן גאלד
אויף פלויט און אויף בוים.
הערבסט־קווייטן מאלט
אויף זאמד און אויף שטיין.

דיין פארגאסן בלוט
אויף בארג און אויף טאל.
גליט פארביקן גלוט
מיט א פאלנדיקן קול:

בארג, מיין בארג,
טאָל, מיין טאָל —
עס איז מיר קאַרג
און ווייניק די צאָל
פון מיין בלוט,
פון מיין הארץ:
איך האָב געגאָסן, געגאָסן
און איר זיינט אלץ שווארץ —
האָב איך מער ניט קיין בלוט,
האָב איך מער ניט מיין הארץ...
און בין ווייס
צו שווארץ
פארגאנגען, פארגאנגען
אין מיין לעצטער שלאַכט
דעם בלויען סוף דערלאַנגען,
אריבערן זיגל פון נאַכט...

— — — — — — — — —

שטיל קייקלט זיך מיין קאָפּ
ביים גרינעם זיגל פון נאַכט,
און קלינגט און טראַכט
ארויף... אראָפּ...

## ברידערלאך

קומסט אריין אין מיין שטוב,
זעצט זיך מיט מיר ביים טיש —
וואס דער טאג האט מיר באשערט,
דאס זאל דיר זיין ווערט.

כ'האב א גוט ווארט אין הארץ,
א העלן בליק אין אויג —
מיין גאב גייט דיר אנטקעגן,—
אזוי א ברודער באגעגן.

מיין שוועל איז נידעריק פאר דיר
און אפן ברייט איז מיין טיר —
האנט צו האנט קלינגט — שלום,
הארץ צו הארץ ענטפערט — שלום!

## מיין קלייד

מיין קלייד פון פראסטן געוואנט
וואכט און יום־טובט אויף מיר:
ליב איז מיר די וואד ווי דער יום־טוב
אין פראסטן קלייד פון מיין שטאנד.

זיבן טעג איז מיין וואד און יום־טוב.
זיבן נעכט ריכט איך אפ
פון מיין מי די סעודה ביי מיין טיש:
צעטייל זאלץ און ברויט ביי מיין טיש
אין איינזאמקייט, רו און פרידן.

מיין פראסט קלייד און שיין פון יום־טוב
איז גאלדיק־בלוי מיט ריחות פון פעלד־טוי,
ווי מיינע וואכעדיקע טעג
אויפן בליענדיקן ברויטיקן וועג.

## די שטילע די מידע

די שטילע,
די מידע
וויפיל זיינען זיי?
ווי סטאדעס שעפסן
קלייבן זיי זיך
ארום מיין ווארט
און הערן זיך צו
צום הויכן קלאנג —
עס דערמאנט זיי
אז זיך — —
עפעס בין איך זיי,
עפעס גיב איך זיי,
נאר זיי זיינען
שטיל און מיד,
ענטפערן ניט...

אַ, ווי איך גלויב
אין די שטילע,
די מידע —
ווי קינדער זיינען זיי

מיט העלע אויגן,
מיט גוטע פנימ'ער
און פארטרויט
טיף אין הארץ...

העל איז מיין ווארט
פון הארץ געקומען,
און ליכטיק,
פון די ליפן אראפ,
און זיך אנגעצונדן
אין די אויגן
פון די שטילע,
די מידע —
פרייד !
פרייד !
ס'האט מיין ווארט
זיי ליבע געבארן,
פריישאפט געשווארן,
ארעם צו ארעם,
הארץ צו הארץ !

## פאר די שקלאַפן פון מיין דור

אליין א שקלאף —
בין איך געקומען זיך פארנויגן
פאר די שקלאפן פון מיין דור.
איך וויל ניט קיין באפרייאונג פון די הערשער איבער מיר..
אין מיין הארץ בין איך פריי ווי די זון אין הימל,
אין מיין הארץ וואוין איך ליכטיק אליין!

נאָר פאר די,
וואָס ווילן זיין פרייער פון מיר —
בויג איך מיין קאָפ און פארנויג זיך —
פאר די שקלאפן פון מיין דור!

## טויט פון נויט

.1

פאר אונזערע ליידן,
פאר אונזערע נויטן
שטייט גאָט אויף די קני
איבער אונזערע טויטן.
אויף הייליקע שטיינער,
אין הייליקן שטרייט
ליגן אונזערע ביינער
ווייס ווי קרייט.

.2

פאר אונזער פאַרגאָסן בלוט,
פאר אונזער פאַרשטערטן ברויט —
נעמט, גאָט די רוט און שניידט,
שניידט איבערן לייב פון דער קארגער פרייד,
איבערן הארץ פון דער זאַטקייט —
און טיילט זיי לייד,
און טיילט זיי נויט,
טיילט זיי טויט,
אונזער טויט...

## פ אָ ל ק

גאָלדענע בלאַסקייט פון מיין פּנים,
גאָלדענע גרוי פון מיינע אויגן —
ציטערדיקע פויגל פון מיין לעבן.

מיט שווערע פליגל איז מיין נאָמען צו דיר געקומען
און זיך געזעצט ביי דיין שוועל ווארטן אויף גנאָד:
אַן א קרוין איז מיין נאָמען,
אַן א טראָן און אַן א מלוכה,
נאָר פעלד, פעלד איז מיין נאָמען,
הוילע פעלד...

פליען מיינע פויגל
פון גאָלדענער בלאַסקייט,
פון גאָלדענער גרוי
איבערן הוילן פעלד פון מיין נאָמען,
און זוכן דיין גנאָד,
און רופן דיין גנאָד,
ווי רעגן,
ווי זון...

# די שעה פון באַגינען

די שעה פון באַגינען,
די זעקסטע שעה פון פרימאָרגן —
מיינע פענסטער זיינען ליכטיק,
מיינע שויבן זיינען געוואַשן
אינם דופּטיקן טוי פון באַגינען,
אינם ווייסן שיין פון פרימאָרגן.

ביי און יונג און פריש קריכט דער טאָג
אויף אַ ליכטיקן לייטער
צו מיינע הויכע פענסטער,
און האַלט זיך אָן ביי די ברייטע ראַמען.

איך בין שוין אויף,
איך בין שוין גרייט צו פלאַטערן —
איך בין די שעה פון באַגינען,
די זעקסטע שעה פון פרימאָרגן;
איך קריך אויף אַ ליכטיקן לייטער
נאָך העכער פון פענסטער און ראַמען;

איך גיי אויף אין דעם טאָג
ווי א קלינגענדיקער פייער,
און צינד העל יעדן ביין און שטיין,
וואָס רירן זיך אָן מיר אָן.
און איך בין יום־טובדיק
אין דער זעקסטער שעה פונם אָנהויב טאָג
אין דער גרויסער, זשומענדיקער,
בויענדיקער, אייביקער וואַכעדיקייט.

# נ י י ס ט

נייסט —
דין איז דער פאָדים,
שארף די נאָדל,
ברינג דיין האנט.
דאָס קלייד פון זייד
נייט אויף אין בלויען שיין
אויפן ווייסן, יונגן לייב;
און דאָס לייב זינגט
ווי די זילבער נאָדל;
און דאָס קלייד קלינגט
ווי דער בלויער פאָדים;
און דו נייסט,
נייסט און וואכסט
איבער דעם נייעם קלייד,
וואָס האָט שיין און פרייד
פון דיין הארץ...

## דאָס הויז געזינד

דאָס הויז און די אָרימע מענטשן,
זייער לעבן אין גאנג פון טאָג,
זייער פרייד און טרויער —
א שטיל, פלאך וואסער,
אַ צעבראָכן שיפל אָן אַ רודער...
און שוועסטער און ברודער,
און טאַטע און מאַמע
צערטלען אין נאַכט די ערשטע שעה פון טאָג,
צערטלען אין זיך דעם כח פון נויט,
וואָס שלאָגט זיך אָן
אָן דעם רוישיקן ריח פון ברויט...

## דאָס קלייד

דבורה'ן

לויפט די זילבער־נאָדל,
דיינע פינגער לויפן נאָך,
און דער פאָדים וועבט,
וועבט א קלייד.

ווי די פרייד
איז דאָס קלייד
אין דיינע הענט
פארקלעמט.

און עס ברענט
ווי די לייד
אין דיינע הענט
דאָס קלייד.

און די זילבער־נאָדל לויפט,
דיינע פינגער לויפן נאָך,
און דער פאָדים וועבט, שלייפט
דאָס נייע קלייד.

# האַט

האָט אַ בלויער שיין דיך אויפגעוועקט,
דיך אויפגעהויבן פון שלאָף,
דיך אָנגעצונדן און אויפגעשטרעקט
מיטן פּנים צום שטאָט.

האָט די בלויקייט געקלונגען אין דיין טראַט,
דיין האַרץ האָט נאָכגעקלונגען,
און דיינע פיס זיינען אַוועקגעשפּרונגען
אויף די אַשיקע וועגן פון שטאָט.

דיינע יונגע אויגן פירן דיך איצט,
זיי וועלן דיך ברייגנען אין דעם הויז,
וואו די זון גייט אויף לויטער גרויס
און לעשט זיך דאָרט אויס.

מיר איז נאָר דיין הוילקייט געבליבן,
אַרום מיר איז ליידיק געוואָרן מיין פרייד —
אין דער בלויקייט דיינע ווייטע טריט געקליבן,
צעוואָרפענע, פאַרשטויבטע קווייט נאָך קווייט.

# קום אַהיים

קום אַהיים,
צו מיר קום צו גיין,
איך בין אַליין,
איך וויין — —

מיט דער טונקעלער אָוונט שעה וועסטו קומען אהיים,
מיט אויסגעלאָשענע שעהן אין דיין מידער האנט
און מיט דעם ברוינעם רויך פון דעם טאָג,
וואָס האָט אין דיין אויג גאָלדיק אויסגעפלאָמט.

ביסט אוועק אין ווייסן פארטאָג
אויף די בלויע וועגן פון ברויט,
און קלאַפּסט ביי יעדער וואַנט און ראָג —
די ערד זאָל דערהערן דיין נויט...

אין מיטן שטאָט, אין אַ הויכן מויער,
טומלען מאַשינען, דרייען זיך רעדער און דו נעבן זיי,
דרייסט זיך, בויגסט זיך אינם רויש פון דיין טרויער,
און אָטעמסט צום טאָג, פון האַרץ ארויס דיין וויי...

אָ, גוטע, ריינע רו! קליינ זיך צו מיין שוועל!
רו פון ברויט, פרייד פון טרויער און פיין — ווער העל!
זי וועט קומען מיט דער טונקלער שעה אהיים,
זי גייט שוין אַ מידע אהיים...

קום אַהיים —
איך בין אַליין,
צו מיר קום צו גיין,
איך וויין...

## וואַכעדיק

אויף מיינע פענסטער ליגט דער וואַכעדיקער שטויב,
ביי מיינע פענסטער דרייען זיך אַרום יום טוב'דיקע טויבן
מיט פוכיק־ווייסע פליגל און גאָלדיק־בלויע העלזלאַך.
און די זון פון מזרח זייט
קוקט מיט אַ ברעג אין מיין וואַכעדיקער שטוב אַריין.

איבער ווייטע, וואַכעדיקע גאַסן וויגט זיך מיין גוף,
קלינגט טרוקענע קלאַנגען אַן שטיין:
— מיטוואָך — מי וואָך !
און אין דעם רויש פון אַלע גוף־קלאַנגען אַרום מיר,
פאַרפּלאָנטערט, פאַרנעפּלט זיך מיין פאַרדיינקטער קאָפּ,
הייגנט ווי אַ קופּערנער גלאָק אויף מיין פּלייצע
און וויגט זיך פון גאַס צו גאַס,
פון וואַנט צו וואַנט און קלינגט —
פייער, פייער, פייער !

און ביי מיין פענסטער פון מיין וואַכעדיקער שטוב
דרייען זיך אַרום יום־טובדיקע טויבן
מיט פוכיק־ווייסע פליגל און גאָלדיק־בלויע העלזלאַך.

## גאָט׳ס האַנט

מיט הייסע טראָפּנס שווייס גיסט מיך אָפּ דאָס לעבן:
א גרויסע, שווערע זון שלעפּט זיך מיר נאָך פון אויבן.
א האַרטער געלעגער איז די ערד אונטער מיר.
נאָר די ביינער פילן ניט דעם ווייטאָק, וואָס קלייבט זיך אין זיי.
פון מידקייט וואַרפט מיך איין די רו ביים שוועל פון נאַכט.
שפּרייט זיך גאָטס האַנט פון זיג איבער מיר — — —
שטיל ליגט דער קליינער ריז, דער זון פון זון —
מיט די אויגן פאַרגראָבן אין דער האַרטער ערד,
און קילט און פאַרשלאָפט זיין האַרץ אין גראָז.
דער קליינער ריז מיטן גרויסן כח
האָט שוין אָנגעלאָדן די ערד מיט פרוכט און ברויט.
האָט שוין אָנגעלאָדן די ערד מיט וויין און פרייד.
מיט גאָלד, פּערל, דימענטן און זייד.

## זומער ליד

צו דער ערד ווי צו א פרוי
בין איך ליכטיק
און געצונדן ווי ריטעלאָך שטרוי.

דורכן שטאָט
בין איך געקומען צו דיר,
פעלד!
אויפגיין
מיט מיין טראָט
ווי אן אַקער
אין זוניקע באגינענס.

נאָך מיר קומט זומער,
שניט־צייט —
פולע שייערן מיט תבואה.

## ערד פאַרזייטע

ראַבאָן

ערד פאַרזייטע —
פרייד צעשפרייטע
פון פּראָסטע הענט,
פון מידע מענטשן —
גאָט,
זאָלסט זיי בענטשן!

זיי פירן זייער אָרימקייט אין פעלד
זיי פירן זייער נויט אין שפּאַן;
און פּאַראויס גייען זיי אַליין
מיט דער גוטסקייט פון פערד,
וואָס שלעפּן דעם אַקער,
רייניקן דעם וועג פון שטיין;
און נאָך זיי — ווייב און קינדער
מיט דער ליבע פון אָקסן,
וואָס גייען אין סאָכע
געבויגן ביי דער ערד.

די גוטסקייט פון פערד
גייט אויף אין דער ערד.
די ליבע פון אָקסן
בליט אויף פערמערט.

## אויפֿן בריק

אויפֿן בריק רווישט די באַן,
אײַזערנער ווײַ־געשרײַ טראָגט זיך אום —
יעדער ראָד ראָלט זײַן געשרײַ
און דרילט אויפֿן אײַזערנעם וועג,
צעמאָלט געדיכט זײַן קול...

די בריק מיטן אײַזערנעם וועג,
וואָס ליגט פֿאַרקנופּט פֿון ברעג צו ברעג
איבערן ברייטן, שטילן טײַך,
וויגט זיך, וויגט און זינגט,
דאָס אײַזערנע געזאַנג פֿון דער לויפֿנדער באַן,
דאָס צעמאָלענע געזאַנג פֿון די שווערע רעדער,
וואָס ראָלן גיך אין שרעק
צום ווײַטן, פֿאַרקנופּטן ברעג...

ציטעריק און שווער הייבט די בריק
אויף אָנגעצויגענע שטאָל־שטאַנגען —
און אונטן דער טײַך שטיל און טיף זעט,
ווי די באַן לויפֿט היים אויפֿן אײַזערנעם וועג
צום זיכערן ברעג —
אין דער פֿינסטער אַרײַן,
אין דער ערד אַרײַן...

# אומבאַקאַנט

דער רויער פּייף פון א שיף,
דער רויש פון ים ביים האפן
און די ווייסע, שווארצע שקלאפן
אַטעמען מיט אומבאקאנטע לענדער.

ווייסע בלויע, רויטע בענדער
פלאטערן הויך איבער די מאסטן;
און אין שווער־געשפּאנטע לאסטן
שטייט פאראנקערט די שיף.

לאַדט מען זי אוים פון דער טיף,
לאַדט מען זי אָן אויף צוריק —
און מען שטייפט ארום מיט שטריק
אויפן ווייטן וועג איר גליק...

די זון ביים גרינעם האפן
גראַבט זיך טיף אין געלן זאמד —
איבערן ים צום אומבאקאנטן לאנד
שטראלט אויף א גאָלדענער וועג...

## מאַי

פייכטע רויכן פון דער ערד,
ציגרן זיך אין זון,
צעפּליען זיך אין ווינט,
ווערען ווייסע וואַלקנדלאַך.

ווייסע וואַלקנדלאַך,
ווי ווייסע שיפלאַך,
בלאָנדזשן איבערן טאַג
ווי איבער א בלויען טייך.

די זון ווי א רודער
פירט דעם טאַג,
דעם בלויען טייך,
דעם ווינט.

און די ווייסע וואַלקנדלאַך
שווימען זיך
נאָך די רויטע פאָנען
פון דער זון.

# דאָס ליד פון דעם סאָלדאַט׳ס ווייב

דאָס ליד פון דעם סאָלדאַט׳ס ווייב זינגט ניט.
דאָס ליד פון דעם סאָלדאַט׳ס ווייב פריידט ניט.
ווער קאָן עס נאָכזינגען דעם הונגער ?
ווער קאָן עס נאָכזינגען דעם טויט ?

קינדער הונגעריקע, נאַקעטע — ווער קאָן זיי ליבן ?
קינדער דאַרע, בלוטלאָזע — ווער קאָן זיי קושן ?
דאָס ליד פון דעם סאָלדאַט׳ס ווייב
איז מיט אויסגעלאָשענע אויגן,
און אַן איינגעפאַלענער ברוסט, און קאַלט־זיניק־בלוט;
ווינטער־ווינטן שפּילן אין איר האַרץ מיט שטעך־מעסער,
צעפּאַסעווען איר קראַנק לייב אויף שטיקער בלוטיק ערד.

ווער קאָן עס נאָכזינגען דעם געוויין,
וואָס לעשט אויס אַ יונגע נשמה,
ווען דער געביין אירער איז פון פּיין געבראָכן ?
ווער קאָן עס אָנצינדן נחמה
אין די פינסטערע אויגן, אין דעם ליד
פון דעם סאָלדאַט׳ס ווייב ?

— ערד, ערד, זאָלסט ניט אויפבליען.
הימל, הימל, זאָלסט ליכטיק ניט ווערן.
אין אייביקער נאַכט זאָל די וועלט זיך דרייען,
ווי מיינע קינדער ארום מיר,
ווי איך ארום מיין שטוב,
ווי מיין מאַן ארום זיין גרוב...

## דעם האַר׳ס געוויין

פון ברויט דער יונגער ניגון
גרינט און בליט אין פעלד;
פון שלאכט געזאלבט מיט זיגן
קומט געקרוינט דער העלד.

און דאָס פאָלק אים אנטקעגן
מיט קרוגן ווײַן און פרייד,
מיט לויב־טענץ אויף די וועגן,
מיט זאלץ און ברויט.

נאָר דער האַר פון אויבן
צילט די זון אין טויטן טאָל —
אין יובל פון גאָלדענע שטויבן
וויינט אראָפּ זײַן קול...

## הייליקע קריג

דעם קלאנג פון מעסער און האק
ענטפער איך אפּ,
ווי דער וואלד דעם גזלנ׳ס פייף.
פונם שטאָל,
וואָס גליט אין מיין קול
שמיד איך מיר א בלאנקן בויגן
צום קריג פון מיין הארץ.

הייליקע קריג —
מיין פיינט ליגט שוין אויף דער ערד
און וויינט פון זינדריקייט
און גיט זיין בלוט
פאר ליבע און שלום.

ווייסע הענט מיינע —
אויף אייערע הייסע דלאָניעס
פלאטערט דער פרידן
אָן א טראָפּן בלוט...

## ווער?

ווער האָט געמויערט די שטאָט, די גאַסן,
די ערד צעאַקערט, דעקאָרירט מיט באַלונען־פייערן?
ווער האָט דעם בית־עולם געגראָבן הינטערן שטאָט,
מיט בוימער און בייטען געווירעט
דעם גאָרטן פון טויט?

ווינטן שפרינגען איבער די ווענט פון שטאָט,
וואַרפן דעם הערבסט אין שטאָט,
שפרייטן אים אויס אויף די שטיינער..
— דער זומער וועלקט אין פעלד און לויפט פון פעלד
דער זומער באַהאַלט זיך ביים פייער פון אויוון.

— ווער עס האָט געמויערט די שטאָט, די גאַסן
דער וואוינט אויפן בית־עולם
אינעם גאָרטן פון טויט.
און ווער עס האָט געגראָבן דעם בית־עולם,
— דעם גאָרטן פון טויט
דער וואוינט און וויינט אין שטאָט אין די גאַסן...

# טאָג

.1

איך טו אַ שפּאַן אין טאָג אַריין,
איך טו אַ קלונג
ווי אַ ווייסער גלאָק —
טאָג !
פֿריש שמעקט פֿון די מויערן אַראָפּ דער טאָג
און פֿון אַלע וואַסערן,
וואָס רינגלען אַרום די שטאָט.

.2

וועקט זיך ניו יאָרק,
צעוויגט זיך שווער מיט אַ גענעץ־ניגון —
אַ—אַ—אַ—אַ—אַ—אַך—
ווי גוט איז אַמאָל רואיק ליגן
און זען מיט רואיק אויגן דעם באַגינען,
זען, ווי עס בלויען און גרינען,
טויער נאָך טויער,
מויער נאָך מויער,
ווי ביי דער ערד ליגט זיך אַ שטראַלנדיקע ווייסקייט,
מיט געלע פֿינגער ווייזט זי אָן
אַלע פֿינצטערע ווינקעלאַך
פֿון מיין צעקנוילט לעבן —
איך — ניו יאָרק !

.3

צעשלאָג !

צעשלאָג די שטילקייט פון באגינגען

מיט אייזערנע קייטן,

מיט שטאָלענע האַמערס,

מיט פלינקע שדים־הענט —

אויפגעוואכטער, אָנגעצונדענער מענטש פון ניו־יאָרק!

דער טאָג ברענט און צינדט די הארטע ערד,

מיט שארפע ריחות פון פליסיקן מעטאַל !

צעשטראַל !

צעשטראַלט די שטילקייט פון דיין בלוט —

גענוג גערוט —

טאָג איז דאָ !

זון איז דאָ !

## דער שטיין

מיין ריינער קול אין פעלד
לייזט אויף דעם שטיין פון זיין הארטקייט,
צינדט אָן זיין הארץ,
וועקט אויף זיינע רייד
און אָטעמט אריין אין אים מיין פרייד,
קינדערשע פרייד.

שפּאלט זיך די ערד ארום דעם שטיין,
עפנט אויף זיין הארץ פאר מיר,
קלינגט ארום זיין טיפן פיין —
אייביקער, פארשטומטער שיין — — — —

קומט דער פרילינג רעגן,
דערנאָך דער זון־רעגן,
און באליכטיקן, באפרוכפּערן
אלע פעלדער, וועלדער און בערג
ארום דעם אָפענעם שטיין.

## דער קויפמאַן

מיט גאָלד קליינגט זיין איינזאמקייט
נאָך דעם וואָכעדיקן מארק־טאָג.
מיט גאָלד נערט ער אין זיין בוזים
די אָרימע פרייד פון זיין לעבן.
און דער קורצער שכל זיינער
ליגט אין מירן מארך
און טליט אין טרויער.

מיט גאָלדענע רענדלאך
קלינגען די טעג אים אונטער זיינע טריט,
און די יאָרן וואקסן ווי גאָלדענע בערג
אים אויפן פּלייצע —
שמעקט ער פון זיינע הייסע טריט ארויס
דעם פיין פון גליק...

נאָר קומען זאָל —
דער גרויסער, יום־טובדיקער מארק־טאָג!..

## סיטי האָל עוועניו אין מאָנטרעאל

די שמאָלע, שטיינערנע גאַס מיט דאַרע בוימעלאַך בײַ די זייטן,
וואָס זיינען עדות אויף דער אָרימקייט פון דער גאַס.
וואָס זאָגן אָן דער גאַס — דעם בלויען פרילינג, דעם גרינעם זומער,
דעם געלן הערבסט, און דעם ווייסן ווינטער —
די גאַס,
וואָס קלאָגט אויף איר אייגענער קליינקייט, שמאָלקייט און אומעדיקייט:
די גאַס וואָס האָט ניט דאָס מזל, צו וואַקסן רייך, שיין און הויך;
די גאַס פון שוסטער, שניידער, שמידן, באַלעגאַלעס און פּאָעטן;
די אידישע גאַס, וואָס לאַכט נידעריק, וואָס צירט זיך ניט אין זייד און גאָלד,
נאָר איז שטענדיק מיסטיק, כמורנע־פאַרטראַכט, קוקט נידעריק און הויל,
און ציט זיך אויס צווישן צוויי פלאַכע, גרויע שטיינערנע ווענט,
ווי אַ לאַנגער, שמאָלער, איינזאַמער קאָרידאָר.

פון טיר צו טיר דרייט זיך דורך דער טאָג דאָ אין גאַס,
ווי אַ געל ווייס געפּלעקט קעצל
און לייגט זיך ביינאַכט מיאַוקנדיק ווײנען ווי אַ קינד
הינטער די אויסגעלאָשענע פענסטער אין אַ הויף...

פרי צינדן זיך אָן די פייערן אין די פענסטער פון דער גאַס,
פרי פאַרלעשן זיי זיך אויף די אַשיקע פענסטער — מידקייט באַפאַלט זיי,
בלייבט הייגנגען נאָך זיי א דינער, קאַלטער, מידער רעש —
לאַנג און נידעריק ליגט און ציט זיך די נאַכט אין דער גאַס.
און די פּאָר צאַנקענדיקע בוימעלאַך אין דער שטיינערנער גאַס.
די עדות אויף יעדן טויט און געבורט פון די גרויע הייזער,
וואָס זיינען גלייך צו די מענטשן אין דער אידישער גאַס —
נעמען אויף אין דער איינגעוואָרצלטער שטילקייט פון די הייזער
דעם פיינענדיקן ציטער פון יעדנס שטאַרבנדיק האַרץ
און גיבען זי ווי פון ווינט א בראָך צו דער ערד...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אָ, כיטי האָל־עוועניו! שטילע גאַס פון שווער און מיד לעבן,
אייביקער וועג געשמיט פון אייזן און שטיינערנעם געמיט.

# שבת

שבת גייט מיר אנטקעגן
פון אלע גאסן און וועגן,
טראָגט פולע הענט מיט רו — —
און די ליבע וואָך פארגייט,
און די גוטע וואָך פארווייט
אין פעלד, אין רעגן — — —

וואָס איך האָב די וואָך פארזייט,
האָט עס די ערד צעבליט,
און די זון האָט עס אָפּגעהיט
מיט ליכט און דופט פארשפרייט.

דערווייל איז שבת,
זאָל זיין שבת —
ליכט און רו פון פולע הענט
אויף מיין פנים פארלענט.

## שטיינער, הערט מיך

שטיינער, הערט מיך!
איך קלאפּ אָן אייער האַרץ —
איך טראָג פרייד און ליבע
פון דער טיף נאַכט!

שטיינער, הערט מיך!
עס וועט בליען דאָס פעלד,
און ברויט וועט זיין
פאר די קינדער פון דער וועלט!

שטיינער, הערט מיך!
הערט ווי איך טרעט
מיט דעם ניגון פון פרייד
פון גאַס צו גאַס!

אָ שטיינער, שטיינער!
איך בין אין גאַס איצט איינער,
וואָס ווייסט פון דער נאַכט א סוד—
פון פרייד אָן א קלייד,
ווייס און ריין ווי ליבע...

## אין טומל

גאסן, ווי רופט מען אייך?
גאַסן, ווי לעבט זיך אייך?
ווייסט איר פון זיך?
ווייסט איר פון מיר?
פאַרמאַכט איז מיין טיר,
און איך זיץ אין קיך
ביים אָוונט־ברויט
מידערהייט
און דרעמל.

איך ווייס, דער טאָג וועט מיך אויפוועקן,
און איך וועל זיך אויסשטרעקן
איבערן אָפענעם האַרץ פון דער שטאָט
און ווידער קלינגען מיט מיין טראָט—
גאַסן!
גאַסן!
ווי רופט מען אייך?
ווי לעבט זיך אייך?

## מיינע שטעטלאך

שווימען מיינע נייע שטעטלאך
אויף בלויע, ברייטע טייכן.
בליען מיינע יונגע שטעטלאך
אויף גרינע, ראָזע פעלדער.

און גאָלדענע פּאַוועס פליען
איבער מיינע ווייסע שטעטלאך,
און זינגען גאָלדענע לידער
צו די קליינע, שטילע שטיבלאך.

חלומען מיינע יונגע שטעטלאך
ביי די בלויע טייך־ברעגן:
ווייסע שטיבלאך, נייע שטיקלאך
אויף גרינע, ווייטע וועגן.

שווימען מיינע שטעטלאך
אין נאַכט מיט לבנה־שיין,
און דרעמלען שטילע איין
אין נאַכט מיט לבנה־שיין.

שלאָפן מיינע ליבע שטעטלאך,
ווי ווייסע שעפעלאך אויף זאמד,
און וואכן אויף אין זון־לאנד
ביים העלן מאָרגן־ראנד.

# אַמעריקע

שלום עליכם'ן

וואָס איז מיר די ערד,
וואָס האָט מיך גערופן צו אירע וואָכעדיקע טעג,
ווען איך האָב מיט יום טוב זי געחלומ'ט?
— איז מיר דאָ באַשערט,
קנעטן ברויט,
הייצן אויוונס,
זינגען דאָס ליד.

זאָט בין איך דאָ מיטן ריח פון מיסט און קאָרן,
און מיינע יונגע יאָרן,
ווי שיפן אָנגעצויגן מיט ווייסע זעגלען, —
נאָר וואוהין זאָל איך מיין פּנים ווענדן,
אַז שלום עליכם רוט דאָ אין דער ערד?

ערד פון וואָכעדיקייט —
מיין ווייסן מאַסט פון מי און יום טוב
האָב איך אין דיין טויטן־פעלד אריינגעשלאָגן,
און אויף זיין סאַמע הויך ארויפגעצויגן
די בלויע פאָן
פון אונזער אייביק־ליכטיקן שלום עליכם.

# איך אין ניו יאָרק

ארם צו ארם מיט ניו יארק —
ווי גרוים איך וואקס !
ווי שטארק איך בין !
איך בין דאָ דער זון פון ישראל דעם שניידער
פון דער שטאָט האָמלע
אין ווייס־רוסלאַנד,
און דער מאן פון דעם פאָלק
פון מדבר.—
ווער קאָן מיר ווייזן דעם וועג צוריק
פון מאַנהעטן בריק
ביזן ירדן ?
פון האָדסאָן
ביזן דניעפּר ? —
ווער קאָן אָפּשניידן דעם ברעג ערד
און פארשווינדן מיט אים פון מיר ?
אויף די מאַרמאָרנע טרעפּ
פון ניו יאָרק
שטייט א ווייסער מיין געצעלט,
איבער אים פלאַטערט בלוי מיין פאָן,
און יעדער וואָס קומט אנטקעגן אָן
ווייסט אז דאָ וואוינט —
דער זון פון ישראל דעם שניידער,
דער מאָן פון דעם פאָלק
פון מדבר.

הארץ צו הארץ מיט ניו יאָרק —
ווי העל איך חלום !
ווי וואַר איך לעב
אין מיין נאָמען !

# איינציקייט

מיין הויך,
די הויך פון א בוים —
דער רוים,
מיין ליכטיקע קרוין —
פון זון געקרוינט!

מיין נידער,
די נידעריקייט פון גראָז —
די ערד,
מיין אייביקער טראָן,
און באַלק — מיין פאָן!

# אינהאַלט

I



II

## III